


# שטערן

ליטעראריש-
קינסטלערישער
און פּאָליטיש-
וויסנשאפטלעכער
כוידעש-
זשורנאל

9

מינסק — 1937

פראָלעטאריער פון אלע לענדער, פאראייניקט זיך!

# שטערן

1937 סענטיאבער — דרײַצנטער יאָרגאנג — № 9

אָרגאן פון פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פון ווסטר



ג. לעאָנידזע

## רעדע אפן אויסעראָרדנטלעכן 8-טן אלפארבאנדישן סאָוועטן-צוזאמענפאָר

1

ס'וועט א דונער פון שטימען דערציילן
וועגן אונדזער באפליגלטן שוווּנג.
אין געשריי „וואשא" גיסן אוף זיך
אונדזער הארץ, אונדזער בלוט, וואָס איז יונג.

דער אדזשארעצ, מעגרעל, קארטאלינער,
קאכעטינער—דאָס שרײַען זיי.
אין דער סטאלינישער פרײַנטשאפט פון פעלקער
טיף פון הארצן זיך רײַסט דער געשריי.

וועגן דיר זינגען בארג-טײַכן לידער,
זינגט דאָס וואסער און שלײַפט דעם גראניט.
סטאלינס נאָמען באשטראלט אונדזער היימלאנד,
סטאלינס נאָמען באשײַנט אונדזער ליד.

ס'איז דײַן אלעפבייז דאָרטן געלעגן,
ס'האָט דער ווינט אין דײַן וויג דאָרט געפאָכט,
דו ביסט שטארקער פון שטאָל אויסגעשמידט דאָרט,
קעדייי סטאלינ שוין ווערן דערנאָכ.

2

האָסט געפלאנצט אונדזער פרייד, אונדזער גליק,
בליט עס אלץ איצטער פײַערלעכ-גרויס,
וויפל אייביקער פאָלקישער טרוים
לויכט פון דײַן קאָנסטיטוציע ארויס!

הייסט עס, האָט אונדזער בלוט ניט אומזיסט
זיך געגאָסן אין שלאכטן, אין פײַן,
האָסט א גאלדענעם סויער צעפראלט
און אף אונדז האָט א שטראל געטאָן שײַן.

די זיגרייַכע קראַפט פון דאָר
אין דייַן קאָנסטיטוציע בליט,
ס'ליבט ניט קיינער דעם מענטשן ווי דו,
און ס'האָט קיינער אזוי ניט געליבט.

3

נאָר לענין ווו איז? דאָ מיט אונדז,
ער שטאָלצירט מיט די זיגן פון לאנד,
ער פלאקערט אין הארץ פון דער ערד
און ווארעמט די ערד מיט זייַן פלאם.

אונדזער סטאלין זעצט פאָר זייַן זאך,
איצט איז סטאלין א האָפענונג אונדז.
ווו דער עמעס נאָר לעבט און די מי—
אומעטום איז ער דאָ, ווי די זון.

4

רום די רוסישע דרייסטע ברידער,
וועלכע האָבן אין פינצטערער טפיסע
דורכגעבראָכן די ערשטע א פענצטער
און די קייטן צעפליקט און צעריסן.

רום די טאָטערן, די אוקראַינער,
די קאזאכן און די ווענען ס'האָט נאָר
דער צעווייעטער פינצטערער אָווער
יאָרנלאנג אי געהאסט, אי געטראָטן.

ס'האָט א ברודער געצילט אין א ברודער
און א פרייַנט פון א פרייַנט איז געפאלן,
נאָר אין נאָמען פון אונדזערע זיגן
האָסטו, פירער, פארייניקט אונדז אלע.

5

פונקט ווי בעכערס מיט לעבן פולע
וואקסן ביימער אי הויך, אי שלאנק
און מיר נעמען אראָפּ די היטלען
און באגריסן די פעלדער פון לאנד.

האָסט דעם פויער געגעבן פארזוכן
דאָס מילך פון דער זאפטיקער ערד.
סטאלינס נאָמען אין קוויטן, אין שטענגלעך
האָבן מיר דערזען און דערהערט.

און וווהין דרינגט ניט דורך דײַן בליק דאָ?
דײַן אָדלער־בליק נעמט ארום די וועלט.
דער וואָס שטייט אונטער דײַנע פאָנען—
וועט דען ניט ווערן קיין העלד?

6

און פארעטער און שווארצע מערדער
גייען אָפעט מיט קינע און סאם,
פויזען אונטער און שיפען און בײַסן
ווי א שלאנג, וועלכע דרייט זיך אין זאמד.

זיי קריכן אין אונדזערע הײַזער
און פארטײַען זיך אפן גאס.
אומדערבארעמדיק פאלט אף די קעפ זיי
די האק פון אלפאָלקישן האס.

און מיט יעטווידער יאָר וואקסט דאָס היימלאנד,
גלאנצט ווי שטאָל אין שלאכט און זי שײַנט,
אומעטום אפן גאנצענעם אלוועלט
שטייען אוף אונדז אנטקעגן פרײַנט.

אויב די זון איז אין שלאכטן געווונען
ברענט זי העלער און הייסער נאָך גליט.
עס וועט שפאניע ניט אומקומען קיינמאָל,
עס וועט קיינמאָל ניט פאלן מאדריד.

7

דאָרט, ווו סטאלין זאָגט א וואָרט נאָר,
איז שוין דאָרט אונדז גרינג דער זיג,
דאָרט שטייט אוף שוין דער פארשקלאפטער
מיט אנטשלאָסנקײַט אין בליק.

יאָרן מעכטיקע געקומען,
ס׳איז צעטראָטן דער אמאָל
סטאלין איז פון זיג א צייכן
סטאלינס נאָמען איז פון שטאָל.

אויב דער פײַנט פון אונדזער פרײַהײַט
וועט זיך שטעלן אונדז אין וועג,
וועלן מיר אין שלאכט צוזאמען
מיטן גאנצן לאנד אוועק.

דער ווײַסרוס און דער ארמענער
און דער טיורק און דער טאדזשיק
וועלן אופהייבן די קלינגלענ
אין איין קורצן אויגנבליק.

שווערן מיר דיר טרײַהײַט, סטאלין,
און צו נײַע זיגן פיר,
ווײַל מיר שעצן בלויז איין לעבן,
וואָס באפליגלט איצט דורך דיר.

ס׳לויכט דײַן קאָנסטיטוציע, סטאלין,
האָסט געשאפן אונדזער גליק,
שווערן מיר דיר, פאָטער ליבער,
דיר, דעם שטאָלץ פון אונדזער זיג!

יידיש—ה. קאמענעצקי

גויעכ לוריע

# עליע יאָרש*)

(פאָרזעצונג)

אינ א זוניקנ טאָג האָט מענ אינמיטנ א וואלד צונויפגענומענ אייניקע רויסארמײַשע טײלנ. אנ אראָפּגעקומענע יונגע טרופּע האָט אינ א לײַוונטענעם בײַדל אפ אײַליק־צונויפגעקלאפּטע בריקלעכ צווישנ בוימער געשפּילט פאר זיי טעאטער.

דאָס איז געווענ איינער פונ יענע ספּעקטאקלענ מיט א בײַכיקנ בורזשוי, א קאָמישנ גאלעכ אונ א שיקערנ אָפיציר, ווי מע האָט עס דעמלט געוויזנ אפ אלע פלאקאטנ, אינ אלע קלובנ. אויסער דעם האָט אינ דער שפּיל אָנטייל גענומענ א פּאָרל, וואָס האָט געזאָלט פאָרשטעלנ א באָלשעוויק אונ זײַנ געליבטע כאווערטע. דער יונגערמאנ איז ארויסגעגאנגענ שטארק פארגרימירט, די אונטערגעשמירטע אויגנ אומגעוויינלעכ פארגרעסערט. בא איטלעכער געלעגנהײַט האָט ער געהאלטנ רעדעס, אונ זײַנ הייזעריקלעכ פּאטעטיש קאָל האָט דערבײַ אזוי געדונערט, אז יאָרשנ האָט דאָס הארצ געציטערט, אונ טרערנ האָבנ אים געוואָרגנ באם האלדז. דאָס מיידל, פארקערט, האָט אויסגעזענ גאָר ווייניק פארענדערט. אירע גרינבלעכ־גאָלדענע האָר זײַנענ געווענ בלאז פארקעמט ארופּ. זי האָט געהאט א מיטל־הויכנ שטערנ אונ א מעסיק־פארלענגערט, ווייכ געפורעמט פּאָנעם, וואָס האָט געאָטעמט מיט יוגנט אונ לויטערקײַט.

— ווי קומט זי צו יענעמ!—האָט א שאָכנ געזאָגט מיט פאראכטונג וועגנ איר שפּיל, אונ יאָרש האָט פארשטאנענ, אז געוויס איז דער שאָכנ גערעכט, יענער איז אנ אקטיאָר, א ליב, אונ זי—אזוי זיכ, רעדט פּראָסט, מאכט ניט מיט די הענט. מער ניט, וואָס דאָס הארצ ליגט צו איר. עפּעס איז זי דיר מאָדנע נאָענט, ווי די ווארעמקײַט פונ דער זונ אפ די אויגנ אינ א הארבסטיקנ טאָג.

עטלעכע מאָל האָבנ זיכ די געליבטע געקושט. אינ דער לעצטער סצענע איז זי ארײַנגעקומענ אײַנגעוויקלט אינ א פּאטשיילע, אײַנגעבויגנ אונ אונטערהינקענדיק, ווי אנ אלטיטשקע. פּונקט דאנ, ווענ איר כאָסנ, וואָס איז געווענ ארײַנגעפאלנ צו די ווײַסע, האָט שוינ געהאלטנ א רעגע פארנ טויט, האָט זי גענומענ שיסנ פונ א רעוואָלווער. די מערדער זײַנענ זיכ צעלאָפנ, אונ דער געפאנגענער איז געראטעוועט געוואָרנ. די פריידנ פונעם צושויער־אוילעם איז געווענ אָנ א מאָס.

פארנאכט האָט עליע באגעגנט די אקטיאָרנ אינ דערפל, ווו זײַנ באטאליאָנ איז געשטאנענ. ער האָט גלײַכ דערקענט דאָס מיידל. איצט האָט זי אים אויסגעוויזנ

*) זע „שטערנ“ נומ. 8—7.

נאָכ ייִנגער, ווי פריִער אפ דער סצענע, א יאָר ניַינצנ, ווי ער האָט זיכ אויסגערעכנט, אונ נאָכ מער האָט געכידעשט די ריַיפע לויטערקיַיט פונ איר בליק, די איַינגעהאלטענע פריַיקיַיט פונ אירע באוועגונגענ, אָנ קענטיקנ כיינדלענ זיכ אונ דאָכ באצויבערנדיק מיט זייער כיינ. דער גרינבלעכ־גאָלדענער זיַיד פונ אירע גלאט ארופצו פארקעמטע האָר האָט געצויגנ צו זיכ דעמ בליק אונ געוועקט א געפיל פונ הויכער שיינקיַיט, ניט צו דערגרייכנ, ווי א שטערנ, אינ דער ציַיט, ווענ איר האלדזונג אונ דער גאנצער אויסדרוק האָבנ זי מאָדנע דערנענטערט, מאמעש ווי א שוועסטער.

— איר ווייסט ניט, ווו שטייט דאָ ערגעצ איַינ דער קאָמבאט?—האָט זי זיכ געווענדעט צו יאָרשנ. דאָרט בא א פויער אינ שכיינעס איז פאר אונדז באשטימט נאכטלעגער.

עליע האָט געקענט יענעמ ווינקל. ער איז אוועק פאָרויס, אונ די אקטיאָרנ נאָכ אימ. געקומענ אפנ אָרט, האָט זיכ אויסגעלאָזט, אז זיי דארפנ טאקע אהינ, ווו ער אליינ האָט זיכ געפונענ פונ נעכטנ אָנ.

ס'איז געווענ איינער פונ די פארמעגלעכע פויערימ, וואָס קריגנ בא אימ עפעס פונ עסנווארג איז גאָרניט פונ די גרינגע זאכנ. עליע האָט זיכ געפילט שולדיק פאר די מענטשנ, וואָס ער האָט ניט מיט וואָס זיי אויפנעמענ. „א, א“... האָט ער אונטערגעקרעכצט צו זיכ אליינ א צעקלעמטער. ער האָט זיכ געריבנ דעמ שטערנ, דערנאָכ צוגעגאנגענ צו די געסט, ניט קוקנדיק אינ די אויגנ, א זאָג געטאָנ: „ווארט צו, זיַיט אזוי גוט“... אונ איז אוועק, פארפאלנ געוואָרנ אפ א שטארקער האלבער שאָ.

צוריק איז ער געקומענ מיט א שווער אָנגעפילטער פאָלע עפל. דער אקטיאָר, וואָס האָט געשפילט מיטנ מיידל אינ פאָר, א ווערגעלעצ, מיט אָנגעבלאָזענע בערגעלעכ בא די עקנ באקנ, ווי ער וואָלט אינ מויל בא ביידע זיַיטנ געהאט וועלישע ניס, אינגאנצנ אנ אָנגעבלאָזענער מיט גרויסהאלטערישער פאראכטונג צו אלעמענ אונ טיַיוועדיקער פארליבטקיַיט אינ זיכ אליינ האָט אָנגעביסנ איינ עפל, א צווייטנ אונ בא יעדנ ביס א זאָג מיט א קאָל, וואָס האָט אויכ אויסגעוויזנ אזוי ווי אָנגעבלאָזנ:

— זויער.

— א טאמ פונ גראָז.

עליע האָט זיכ פארשעמט.

— מירנ עס נאָכ קאָכנ,—האָט ער שטיל דערקלערט.

ער האָט געבראכט זיַינ קעסעלע, אָנגעשניטנ עס פול מיט ריפטלעכ, דערנאָכ אינ אנ עק הויפ צווישנ צוויי שטיינער, וואָס זיַינענ דאָרט, וויַיזט אויס, געווענ אָנגעגרייט שוינ פונ נעכטנ, צעלייגט א פיַיער. גראָד האָט דער באטאליאָנ, וואָס איז דעמ לעצטנ מעסלעס געווענ אינ רעזערוו, באקומענ צוקער. עליע האָט אָפגעטיילט א היפשנ כיילעק דערפונ אונ גוט פארזיסט דערמיט דאָס געקעכצ. אז ס'איז פארטיק געוואָרנ, האָט ער עס געלאָזט אביסל אָפקילנ, נאָכדעמ פאָרגעלייגט די געסט.

דאָס מיידל האָט געלויבט:

— זייער געשמאק, באזונדערס מיט ברויט.

דער אקטיאָר האָט זיך פארקרימט:

— איפּעשט מיט רויך.

עליע האָט זיך פארענטפערט:

— אינדרויסן. אומעגלעך אויסצופירן, סע זאָל ניט רויכערן.

סיווי האָבןביידע געגעסן מיט אפּעטיט.

— און איר?—האָט זיך דאָס מיידל אָפּגעשטעלט אפ א ווייַלע, פארוווּנדערט, וואָס יאָרש שטייט אין א זייַט.

— שפּעטער, פאראן געגוג.

— ניין, ניין, עסט מיט אונדז.

ער האָט זיך צוגעזעצט און פאמעלעך מיט לאנגע פויזעס גענומען עסלעכע לעפל.

אז דאָס קעסעלע איז אָפּגעליידיקט געוואָרן, האָט עס עליע גוט אויסגעוואַשן, אָנגעפילט מיט פרישער וואסער און צוגעשטעלט אופזידן טיי. אפ די קלעצער הינטער זייַנע פּלייצע זייַנען געזעסן זייַנע צוויי געסט. זיי האָבן זיך אזוי ווי געאָמפערט, און א ראש פון א שטיקל געראנגל האָט זיך געהערט און אומצופרידענע אויסרופן פונעם מיידל—אלץ מיט ניט הויכן קאָל. עליע איז געשטאנען באם פייַער, צוגעלייגט שפּענדלעך פון מאָל צו מאָל. אפ די קלעצער איז שטיל געוואָרן, דאָס מיידל איז צוגעגאנגען און זיך געשטעלט לעבן אים. די זון איז שוין געווען פארגאנגען. ס'האָט געטונקלט. זי האָט געשוויגן. אויך ער האָט ניט גערעדט קיין וואָרט.

— לענא!—האָט זיך דערהערט דעם מאנצבלס רופ.

זי האָט זיך ניט גערירט.

— יעלענא ניקאָלייַעווּנא!

זי האָט ניט געענטפערט. עליע האָט געכאפּט א קוק אפ איר באהעלט פּאָנעם און דערזען, אז דאָס איז זייער רויִק, נאָר א ביסעלע פארקלערט, ביז אין דער טיף רויִק, לויטער, און שטארק מיט א קראפט, וואָס איז אזוי ווי איינס מיטן קערפּער און קאָן אופהערן זייַן, דאכט זיך, נאָר אינאיינעם מיט אים, ווי א פלעמל אין א ליכט.

דאָס וואסער האָט גענומען אופזידן, האָט עליע אריַינגעבראָקט אין דעם עטלעכע שטיקלעך פון א טאָוועלע, און ס'איז געוואָרן ברוין. ער האָט אָנגעשעפּט א לעפל און פארזוכט.

— אלץ רויכיק—האָט ער געזאָגט—פונדעסטוועגן טיי. איר האָט א שאָל?

— אָט ברענג איך.

— און אייַער כאווער?

— אויב ער וויל.

דאָס מיידל איז אוועק אין שטוב צו איר רוקזאק, און עליע איז צוגעגאנגען רופן דעם יונגנמאן, וואָס האָט לענגויס די קלעצער געשפּאנט הין און צוריק.

זיי האָבן אלע דריַי געטרונקען, שטייענדיק באם פייַער. ס'איז צוגעקומען נאָך עמעצער פון דער טרופּע און עטלעכע דויטאָרמייער, וואָס האָבן געגעכטיקט אין דעם הויף. מע האָט צוגעוואָרפן אין קליינעם שמַטער צווייַגלעך, ארומגעשטעלט אים מיט נאָך קעסעלעך.

פונ ערגעצ גאָר נאָענט האָבנ זיכ געהערט קלאַנגענ פונ א הארמאָניקע, פריי־לעכע קוילעס אונ געלעכטער.

— קומט אהינ,—האָט דאָס מיידל געזאָגט צו עליענ.

מער האָט זי צו קיינעמ זיכ ניט געווענדט, זיכ אָפּגעטיילט פונ די איריקע אונ אוועק מיט אימ.

אפ דער גאס האָבנ געטאנצט רויטארמייער מיט מיידלעכ פונעמ דאָרפ. לענא האָט אויסגעשטעלט די הענט, פארבעטנדיק יאָרשנ.

— איכ קענ ניט.—האָט ער געזאָגט.

— א שאָד.

זי איז ארײַנ אינ ראָד, אונ באַלד האָט איינער פונ די רויטארמייער זי אונ־טערגעכאפּט אונ איז אוועק מיט איר אינ א פּאָלקע. ס'איז שוינ געווענ פינצטער, נאָר מע האָט נאָכ לאנג געטופּעט אפנ גראָז אונטער די קלאנגענ פונ דער הארמאָ־ניקע, וואָס איז ניט מיד געוואָרנ צו דערלאנגענ אלצ נײַע אונ נײַע ניגונימ.

עליע איז געשטאנענ אינ עק הויפ, געדרויכערט, געקוקט צו דער לעוואָנע־באשײַנטער לאָנקע. פונעמ וועלדל אפ יענער זײַט האָבנ זיכ געהערט געשרייענ פונ א סאָווע. לענע איז אָנגעגאנגענ, זיכ צוגעשטעלט, א צײַט געשוויגנ.

— איר האָט געזוענ אונדזער פאָרשטעלונג?—האָט זי א פרעג געטאָנ.

— יאָ.

— אונ ווי געפעלט אײַכ... נו, ווי געפעלט אײַכ דער באָלשעוויק?

— זייער.

— אומזיסט. ניט אזוי דארפ מענ שפּילנ א באָלשעוויק.

— פארוואָס?

— מע דארפ פראָסטער אונ קליגער. ווייניקער האוועײַעס אונ מער געפיל.

עליענ האָט געפעלט די אומגעריכטע איבערצײַגנדיקײַט פונ אירע ווערטער.

— יאָ?..—האָט ער אויסגעשטאמלט פארווונדערט.

— פריקרע אונ געמיינ, ווי ער אינגאנצנ.—האָט לענא צוגעגעבנ.

עליע האָט געשוויגנ.

— אז מע וועט ליקווידירנ די פראָנטנ—האָט זי געזאָגט—פאָר איכ קײַנ מאָסקווע זיכ לערנענ אינ א טעאטראלער סטודיע. ווי מיינט איר, ס'וועט פונ מיר עפּעס ווערנ?

— מיר דוכט, איר קענט שוינ.

— ניינ, ניינ, איכ קענ נאָכ גאָרניט... איכ האָב אײַכ געוואָלט פרעגנ. ווי הייסט איר?

— יאָרש.

— אונ איכ לענא. איכ וויל אײַכ עפּעס בעטנ... ווו וועלנ מיר שלאָפנ?

— אינ קלוניע. קיינ אנדער אָרט איז ניטאָ.

— וויל איכ אײַכ בעטנ... טוט אזוי, אז איכ זאָל ליגנ בא דער וואנט, אונ איר לעבנ מיר. מוראטאָוו, אָט דער אקטיאָר—איכ האָב אימ ניט ליב, אונ ער לאָזט מיכ ניט צורו.

עליע האָט א טראכט געטאָנ: „אונ דאָס וואָס זיי האָבנ זיכ געקושט אפ דער סצענע? ס׳איז, אפּאָנעמ, ניט קיינ סימענ״... איר פאָרשלאג האָט אימ דערשראָקנ אונ איינציײַטיק אָנגעפילט מיט שטאָלצ.

— איר וועט עס טאָנ?

— יאָ.

עליע האָט דערפילט, ווי זײַנ קערפּער איז מיטאמאָל געוואָרנ וואכ אונ פליִענ־דיק, נאָר ער האָט זיכ א צײַט ניט גערירט פונ אָרט, כאָטש ער האָט דאָכ עפּעס גענומענ אפ זיכ, אונ מע האָט עס געדארפט באוואָרענענ, נאָר ס׳איז אימ אויסגעקומענ ניט פאסיק ארויסצווײַזנ אײַלעניש. לענא האָט באמערקט זיכ דערנעענטערנ דעמ אקטיאָר אונ שטיל א זאָג געטאָנ:

— לאָמיר גיינ.

דער טויער פונ דער קלוניע איז געווענ אָפנ. דער ארײַנגאנג באלויכטנ פונ דער לעוואָנע טיפער אונ בא די זײַטנ—פינצטער. אינ ווינקל אפ דער נידעריק־אויסגעבעטער פאראיאָריקער שטרוי איז מענ שוינ געלעגנ. עליע האָט פריִער אליינ א שאר געטאָנ דאָרטנ, זיכ אומגעקערט, אָנגענומענ דאָס מיידל פאר א האנט אונ זי ארײַנגעפירט.

— אָט דאָ אָ, ווו איר שטייט,—האָט ער געזאָגט, אונ ער האָט מיט איר האנט אָנגערירט אינ דער זײַטנ־וואנט אונ אינ דער צוקאָפּנס־וואנט, זי זאָל זיכ ריכטיק פאָרשטעלנ איר אָרט.—מיט וואָס זיכ צודעקנ האָט איר?

— מיטנ פאלטעלע.

— יעלענא ניקאָלײַעוונא!—האָט זיכ דערהערט א רופ, אונ עמעצער א טונקעלער האָט זיכ געוויזנ אינ טויער.

זי האָט ניט געענטפערט.

— ווו זײַט איר דאָרטנ?

זי האָט ארופגעלייגט די פינגער אפ יאָרשס מויל, געטראָפנ אביסל העכער אונ אָנגעטאפּט זײַנ נאָז. מוראטאָוו האָט גענומענ רײַבנ א שוועבעלע, דעמלט האָט זי זיכ פלינק ארויפגעלאָזט, אײַנגענורעט זיכ אינ שטרוי אונ יאָרשנ א שלעפ געטאָנ פאר א פוס, ער זאָל זיכ גיכער אנידערלייגנ. ענדלעכ האָט זיכ דאָס שוועבעלע אָנ־געצונדנ נאָר דאָס קורצווײַליקע ליכט האָט דעמ באומרויִקטנ מאנצבל, אפּאָנעמ, ווייניק וואָס קלאָר געמאכט אינ דער אומבאקאנטער קלוניע. ער האָט ווידער א רופ געטאָנ: „לענא! יעלענא ניקאָלײַעוונא!״... זיכ, ווײַזט אויס, אָפּגעזאָגט פונ איר אונ גענומענ זיכ אײַנמאָסטענ שלאָפנ אפ עפּעס א שטיקל אָרט באזונדער, א צײַט געטר־פּעט, געדרייט זיכ, געשורשעט, געאָכקעט, געשעפּטשעט אנ אומצופרידענער צו זיכ אליינ. לענא האָט איינמאָל קורצ א פאָרשקע געטאָנ מיט פארשטיקטנ געלעכטער, ווײַטער האָט מענ פונ איר ניט געהערט קיינ שאָרכ.

מ׳איז געלעגנ ענגלעכ. עליע האָט זיכ שטארק אויסגעצויגנ, זיכ באמיט פאר־נעמענ וואָס ווייניקער פּלאצ, ער האָט זיכ קיינ ריר ניט געטאָנ. די אויגנ זײַנענ אימ געווענ אָפנ אונ וואכ. ער האָט געפילט, ס׳איז אימ פארטרויט אָפּצוהיטנ די נאכט זייער א טײַערנ ווערט, אונ ער איז געווענ פול מיטנ באוווּסטזײַנ פונ זײַנ פאראנטוואָרטלעכקײַט.

זי האָט זיכ א ריגעווע געטאָנ. איר אקסל איז צוגעפאלנ צו זײַנעם. ער האָט ניט געביטנ די לאגע, זיכ ניט באוועגט. איר רעגלמעסיקער אונטערסאָפנדיקער אָטעמ האָט געוויזנ, אז זי שלאָפט מיט א גוטנ, רויִקנ שלאָפ.

די לעוואָנע איז שוינ, אפאָנעם, געשטאנענ גאנצ נידעריק, אינ איר אָפגעשוואכטער שײַנ פארנ טויער האָט זיכ ארײַנגעמישט ווי א ציגלענער שטויב. שפעטער האָט זי זיכ אינגאנצנ אויסגעלאָשנ, אונ א פינצטערניש האָט זיכ אָנגעזעצט אפ דער ערד.

פינצטערניש האָט פאמעלעכ פארטרונקענ אויכ עליעס מארכ, נאָר אנ אויג פלעג אמאָל עפענענ א שפארונע, אינ געהער פלעג אופוואכנ אפ א רגע א פארדאכט אונ ניט בלײַבנ.

א שפעטנאכטיקע מיט הארבער פײַכטקײַט דורכגענומענע קעלט איז ארײַנ אינ דער קלוניע. לענא האָט זיכ איבערגעוואָרפנ אפנ געלעגער. „קאלט“, האָט זי א זאָג געטאָנ מיט א קאָל, ווי אינ א באטאָגיקנ געשפרעכ, אונ זיכ צוגעדריקט צו עליענ מיטנ פרירנדיקנ רוקנ. אז ער איז געבליבנ אומבאוועגלעכ, ווי פריִער, מיטנ עלנבויגנ צו איר, האָט זי, ניט ענדערנדיק איר לאגע, אָפגעזוכט זײַנע פינגער, צוגעצויגנ זיי, פארלייגט צו זיכ אפנ קערפער נידעריקער פונ דער ברוסט אונ ענגער זיכ אײַנגעטוליעט אינ אים. עליע האָט געפאָלגט איר ווילנ. ווי זי האָט אים צוגעמאָסטעט צו זיכ, אזוי איז ער פארבליבנ. „א דינ פאלטעלע“, האָט ער א טראכט געטאָנ. „מע דארפ איר געבנ מײַנ שינעל“. נאָר ער האָט א צײַט ניט געקאָנט פויעלנ בא זיכ עפעס צו ענדערנ. שפעטער האָט ער פאָרזיכטיק באפרײַט די האנט, פאמעלעכ ארויסגעצויגנ א ברעג פונ זײַנ שינעל אונ אײַנגעקוטעט אירע פיס. „אזוי. וויל“... האָט זי באגיטיקט, ווידער אָפגעזוכט זײַנע פינגער אונ ווארעמ זיי צונויפגעדריקט, נאָר מער ניט גענומענ זיי צו זיכ.

ווענ עליע האָט אנ עפנ געטאָנ די אויגנ, איז פארנ טויער געווענ דורכזיכטיקער רויט, אונ אפ א ווינקל סטריכע אנטקעגנ האָט גערוט א צארטע לופטיקע רויטלעכקײַט. ער האָט זיכ שטיל אופגעהויבנ. לענא איז געשמאק געשלאָפנ, דאָס פאָנעם באהאלטנ אינ עלנבויגנ. געהיט ניט אופצוּוועקנ האָט ער זי אָנגעדעקט מיט זײַנ שינעל אונ איז ארויס פונ דער קלוניע.

די לאָנקע אונטנ האָט זיכ געגרויכערט מיט געדיכטנ מילכ־פארביקנ נעפל. אָט האָט זיכ די זונ אָפגעטיילט פונ האָריזאָנט אונ געפליגלט גיכ זיכ א לאָז געטאָנ הימל ארופ. דער נעפל, ווי ברייט אונ הויכ ער איז געלעגנ, איז דורכגענומענ געוואָרנ מיט שײַנ, געפלאטערט, געקנוילט זיכ אינגאנצנ א דורכגעלויכטענער.

עליע האָט דעמ בליק ניט געקאָנט אָפרײַסנ. די אָט ערשט געוועזענע נאכט אונ אלצ, וואָס מיט אים איז אינ דער נאכט געשענ, איז פאר זײַנע אויגנ אויסגעדעמפט געוואָרנ אינ דעמ ליכט־נעפל.

דאָרטנ, אינ קלוניע, אונטער זײַנ שינעל ליגט לענא. ער שפירט נאָכ איר ווארעמקײַט אפ זײַנ הארצנ, אונ זי איז שוינ ווײַט, ניט צו דערלאנגענ. אזוי דארפ עס זײַנ. זי איז אנ אומגעוויינלעכע, א געבענטשטע. אינ דער נאכט איז אים אויסגעפאלנ צו זײַנ איר באשיצער. אזוינס קאָנ זיכ ניט איבערכאזערנ. ער האָט זיכ געפילט דערהויבנ אונ ריינ. אונ זייער פעסט בא זיכ האָט ער זיכ געפילט: קיינער, אפילע סימע, ווענ זי ווערט געווירע, טאָר אים איצט ניט פירהאלטנ פאר גאָרניט.

און דער פרישער זוניקער פרימאָרגן, און זײַנען געפינען זיך דאָ, און זײַן וועג איניי־נעם מיט אלעמען—גוט, ריכטיק ניטאָ דאָ קיין פעלער.

ער איז אראָפּ צו דער לאָנקע. באַהאַלטן אין גראָז איז דאָרט געפלאָסן א שמאָל ריטשקעלע. ער האָט אָפּגעזוכט אביסל א טיפערן ערטל, הינטער א ווערבע־קוסט זיך אויסגעטאָן, און, שעפּנדיק מיט די זשמעניעס פונעם גריבל, גוט ארומגעוואשן דאָס גאנצע לײַב מיטן שארף־קאלטן וואסער. דערנאָך איז ער אוועק צו א כאווער, און זיי האָבן איינער דעם אנדערן ארומגעאָלט.

די ארומגעגאָלטע ערטער, וואָס זײַנען פריִער לאנג באשיצט געווען פון זון, האָבן זיך איצט אויסגעטיילט אפן פּאָנעם מיט זייער בלייכקײַט. די טונקעלע אויגן האָבן זיך געלויכטן, ס'איז געווען אין זיי יענער אויסדריק, וואָס מע קאָן מערקן בא א מענטשן, אז ער האָט זיך אמאָל צו א יאָנטעוו אָנגעטאָן א נײַ קלייד.

ער איז ארומגעגאנגען איבערן דאָרף לענגער, ווי ער האָט געדארפט, זיך אָפּ־געשטעלט מיט דעם, מיט יענעם. „אָט דער מוראַטאָוו, טאקע ניט קיין אײַנגענעמער פארשוין. בעסער אים ניט זען"...

אז עליע האָט זיך אומגעקערט אפ זײַן סטאנציע, זײַנען שוין די געסט געווען אוועקגעגאנגען. אין א ווינקל אפ דער שטרוי איז געלעגן זײַן שינעל.

דער באטאליאָן, וואָס איז די לעצטע פאָר טעג געשטאנען אין רעזערוו, האָט באקומען א פארָאָרדענונג ארויס אפ דער פאָדערשטער פּאָזיציע. פארנאכט, עליע איז שוין געווען אָנגעטאָן, די ווינטאָווקע איבערן אקסל, גרייט גיין צום אָפּגערעדטן זאמל־פונקט, איז אין הויף אָנגעקומען לענא.

— וווהין?—האָט זי א פרעג געטאָן.

ער האָט געענטפערט. זי האָט אָנגענומען זײַן האנט און פארהאלטן זי אין איר־ער עטלעכע רעגעס. ווידער האָט עליע מיט באהאלטענע היספּײַלעס באמערקט אירע גרינבלעכע גלאט־פארקעמטע האָר, וואָס האָבן צוגעגעבן איר זייער יונגן פּאָנעם עפּעס א באזונדערע שײַן, ווי אים האָט זיך אויסגעוויזן.

— איר זײַט א זעלטענער—האָט זי בעזאָגט—א גאָלד.—און צוליב עפּעס געכאפּט א קוק אין די זײַטן.

מיטאמאָל האָט זי אים ארומגענומען, צוגעדריקט זיך היציק מיט דער צארטער ברוסט און שטארק און ווארעם א קוש געטאָן אין די ליפּן.

עליע איז טייקעף אוועק, קיין וואָרט ניט געקאָנט ארויסברענגען. דאָס הארץ אינעווייניק איז געוואקסן. דער הימל פאר די אויגן אין עק פון דער ברייטער דאָרפישער גאס איז געשטאנען אין הויכע פלאמען „וואָס איז עס?" האָט עליע א טראכט געטאָן צערודערט. „גאָרניט, די זון פארגייט"...

---

עליע יאָרש איז דורכגעגאנגען אינאיינעם מיט קרוטאָוון א גרויסן וועג—פון הינ־טער קיִעוו ביז אפ יענער זײַט בוג. פון דער רוישיקער קאָמסאָמאָליע, וואָס איז אראָפּגעקומען אפן פראָנט אײַנצײַטיק מיט אים, איז שוין געבליבן גאָר ווייניק, עטלעכע מענטשן אפן גאנצן פּאָלק. עליע האָט זיי אויסגעצייכנט אין זײַן הארצן פון אלע אנדערע, געהאט איטלעכן פון זיי אין אויג, געוויטעקט אפ יעדן געפאַ־לענעם. ער האָט זיך אלץ מער צוגעבונדן צו סעריאָזשען, געבענקט, ווען ער האָט

אים ניט געזען, אונ יענער האָט עס אפילע ניט באמערקט, אינ א דאָרפ, צי אינ א שטעטל, אבי מע האָט זיכ נאָר אָפּגעשטעלט אביסל, באלד זיכ אָפּגעזוכט ייִנגערע קאָמפּאניעס.

אזוי לאנג ווי מע איז געגאנגענ פאָרויס, איז סעריאָזשע געווענ זייער האָפּערדיק בא זיכ. ער האָט נאָר מעקאנע געווענ די בודיאָנער, וואָס אומעטום קומענ זיי ארייַנ די ערשטע. אונ דאָס אייגענע וועט זייַנ אינ ווארשע, פארשטייט זיכ.

— דיר, יאָרש, — האָט ער געזאָגט, — איז אלציינס. דו ביסט א געבוירענער פוסגייער.

— מע דארפ אי די, אי יענע, — האָט זיכ עליע פארענטפערט.

שפּעטער, ווענ ס'איז אויסגעקומענ גייַנ צוריק, איז דער מוט בא די ארמייער, ווי געווייַנלעכ אינ אזעלכע צושטאנדנ, געווענ ניט געהויבנ.

ס'האָט זיכ געמאכט איינמאָל, אז מע איז פאר בעהאַלטע געלאָפנ, ניט איבערקלייַבנדיק דעם וועג, איבער עפּעס א זומפּיקער לאָנקע. עליע איז אָפּגעטראָטנ צווישנ די לעצטע, פאָרזיכטיק געהיפּערט די שלעכטע ערטער ניט אייַנצוזינקענ, הינטער יעדנ קוסט זיכ צוגעבויגנ אונ געכאפּט א קוק אפ צוריק, וואָס הינטנ טוט זיכ. מיטאמאָל איז ער געבליבנ שטיינ פארכידעשט: א פּאס לאָנקע פאר זייַנע אויגנ איז געווענ באוואקסנ מיט א מאָדנעם סאָרט געוויקס. שטיוול האָבנ ארויסגעשטעקט דאָ אונ דאָרט פונעם באָדנ, טייל אייַנגעטראָטנ אינ בלאָטע קוים ארויסצוזענ, אנדערע שטייַפ אייַנגעפּאסט אונ צעעפנט די כאָליעוועס, ווי די קרוגנ.

עליע האָט זיכ ניט ווילנדיק צעשמייכלט. איינ פּאָר האָט באזונדערס צוגעצויגנ זייַנ בליק — א ציכטיקס, פונ גוטנ לעדער, מיט פרישנ גלאנצ, מיט גאנצע אויערלעכ, נאָכ גאָר א נייַס, ווי מע האָט זיכ עס געקאָנט פאָרשטעלנ פונעם אויבערשטנ טייל. כאָטש עליע איז אָפּגעשטאנענ פונ די זייַניקע, פונ הינטנ האָט זיכ געהערט א שיסערייַ, אונ ארום איז געווענ פוסט אונ גאָרניט היימלעכ, האָט ער דאָכ באשלאָסנ זיכ פארהאלטנ אנ איבעריקע פּאָר מינוט אונ נעמענ די שטיוול. שפּרינגענדיק פונ קאָטשקע אפ קאָטשקע, איז ער צו זיי צוגעקומענ, ארויסגעשלעפּט איינעם אונ דעם צווייטנ אונ זיכ טייקעפ א לאָז געטאָנ מיט זיי אהינ, וווהינ אלע זייַנענ אוועק, — צום וואלד אפ יענער זייַט לאָנקע.

ארויס אפ א טרוקענעמ אָרט, האָט ער באלד ארָאָפּגעוואָרפנ זייַנע אלטע צעלעכערטע שקראבעס, פונ וועלכע ער האָט ניט געקאָנט פּאָטער ווערנ ביז אהער, אָנגעטאָנ די נייַע פּאָר, גוט ארומגעווישט זיי מיט בלעטער אונ גראָז אונ מיט צופרידנקייַט באטראכט זיי א ווייַלע. זיי זייַנענ אימ געווענ פונקט אינ דער מאָס, די פיס האָבנ זיכ שוינ לאנג ניט געפילט אזוי גוט. דאָס האָט אימ געקרעפטיקט אונ דערפרישט.

באקאנטע אינ פּאָלק, אז זיי האָבנ דערזענ יאָרשנ, האָבנ זיי אָנגעהויבנ צושטיינ, ווו האָט ער געפּאקט אזא אויצער. ער האָט גאָרניט געענטפערט, נאָר געשמייכלט. אפ דעם שמועס איז אָנגעקומענ דער פראנטעוואטער פעלדשער מיט די פארדרייטע וואָנצעס. צו אלעמענס וווּנדער, איז ער געווענ באָרוועס, נידעריקער פונ די קורצע הויזנ מיט די שטריפּקעס האָבנ זיכ געזענ די גאטיעס, אלצ אינייגעם ביז די קני איז געווענ אויסגעשמירט אינ שווארצער בלאָטע. ער האָט אָנגעקוקט יאָרשס פיס אונ איז מיטאמאָל רויט געוואָרנ.

— ס'איז מײַנע שטיוול,— האָט ער אויסגעוואָרטשעט בארויגעז.— גיב זיי אהער.

עליע האָט זיך אָפּגעקערט, ניט געוואָלט מיט אים ריידנ. דער פעלדשער האָט זיך צעראשט, גענומענ טײַנענ פאר די רויטארמייער, ברענגענ באווײַזנ, אז די שטיוול זײַנענ ווירקלעך זײַנע—נײַע, בא קיינעם־זײַנענ אזעלכע ניט געווענ, זאָלנ אלע זאָגנ. יאָרש איז געווענ פעסט:

— איך האָב בא דיר ניט גענומענ. גיי זוך זיי דאָרט, ווו דו האָסט זיי איבערגעלאָזט.

דערווײַל האָט עמעצער איבערגעגעבנ די יעדיִע, אז נאָך עטלעכע זײַנענ אָנגעקומענ פונ דער צעמישעניש באָרוועסערהייט. עס האָבנ זיך א שאָט געטאָנ כויזעק־ווערטלעך אפנ פעלדשער. מע האָט געלאכט:

— זע, זאָלסט באם צווייטנ מאָל ניט פארלירנ די הויזנ.

דער קאָמיסאר איז אָנגעגאנגענ, אונ מע האָט די זאך דערלאנגט אפ זײַנ מישפעט. ער האָט ערנסט אויסגעהערט ביידע צדאָדימ אונ דערנאָך קורצ אונ שארפ ארויסגעטראָגנ זײַנ אורטייל:

— די שטיוול בלײַבנ בא יאָרשנ.

אינ די שווערע טעג איז עליע ווי שטענדיק געווענ וואָכעדיק־זאכלעך, ניט פארענדערט אינ זײַנ פירונג אפ קיינ האָר, ס'איז געשענ, אז די דיוויזיע איז אָפּגעשניטנ געוואָרנ פונ די הויפט־קויכעס. דער 26־יאָריקער נאטשדיוו, וואָס האָט אינ זיך פאראייניקט יוגנט־פײַער מיט אויסגערעכנטקײַט פונ א געניטנ מיליטער־מאנ, האָט גיך צונויפגענומענ זײַנע צעפּויגענע טיילנ אינ איינ פויסט אונ דורך א ריי געשיקטע, האסטיקע אונ אומגעריכטע באוועגונגענ נאָך צוויי מעסלעס שלאכטנ ארויסגעפירט זיי פונעמ קלעמ. אינ די טעג אונ נעכט האָבנ יאָרש מיט סעריאָזשענ זיך פעסט געהאלטנ איינער לעמ דעמ אנדערנ, ניט צעשיידט זיך אפ קיינ מינוט. די ארומגערינגלטע רויטארמייער איז עטלעכע מאָל אויסגעקומענ גיינ אינ באגנעטנ־געשלעג. אינ אזוינע פאלנ האָט סעריאָזשע אויסגעזענ, ווי אינ א היצ־כאָלעמ, געפּאָכט, געשטאָכנ, געקרעכצט פאר צאָרנ, א באגאָסענער מיט שווייס, ניט באמערקט קיינ געפאר. עליע איז דעמלט ניט אָפּגעטראָטנ פונ אימ, מיט ניכטערנ אויג געוואכט אמ יעדער באוועגונג ארומ אונ ניט איינמאָל אָפּגעווענדט דעמ טויט, ווענ ער האָט שוינ געהאט פארמאָסטנ זײַנ האנט.

פארפאליעטע, מיט בלוט אפנ געווער איז מענ שויער־סאָפּענדיק נאָך דער לעצטער אנטשיידענער באגנעטנ־שלאכט, געגאנגענ מיטנ באפרײַטנ אָפּענעמ וועג, וואָס האָט, ענדלעך, ארויסגעפירט די דיוויזיע צו די אייגענע. א ווינטל האָט געפרישט די פּענעמער, מיט זיסנ פעלד־רייעך באגײַטיקט דעמ אָטעמ. מע איז געגאנגענ גיך, אלע האָבנ געפילט, אז מע האָט אָפּגעטאָנ א גרויסע זאך, נאָר מע האָט געשוויגנ.

יאָרש האָט זיך פונ דעמלט אָנ נאָך שטארקער צוגעבונדנ צו קרוטאָוונ. אינ א רויִקער שאָ פלעגט אימ סעריאָזשע אמאָל עפּעס פּאָררייענ פונ דער צײַטונג, אונ עליע האָט מיט ליבע אונ מיט אכטונג געקוקט אימ אינ די אויגנ.

— און ווי זעט ער אויס?—האָט אים עליע נאָך איינעם אזא פאַרלייענען א פרעג געטאָן.

— ווער?

— לענין.

— אזוי זיך, ניט קיין הויכער, ווי דו.

נאָר איינציַיטיק מיט דער אכטונג צו זיַין קענטעניש האָט עליע געהאט צו סעריאָזשען א געפיל, ווי צו א קלענערן ברודער, אומבאמערקטערהייט געזאָרגט וועגן אים, אָפּגעטראָטן אים א באקוועמער אָרט צום שלאָפן, א בעסער שטיקל באם עסן און שטענדיק אין זיך געציטערט, ס׳זאָל אים ניט פאסירן קיין בייז.

אן אויסגעמאטערטער נאָך פילטאָגיקן אָפּטרעטן, איז דער פאָלק שפעט איינאָוונט אָנגעקומען אין עפעס א שטעטל. די רויטארמייער האָבן זיך אנידערגעוואלגערט ווי ס׳האָט זיך געמאכט. ווער ס׳האָט עפעס א קיַי געטאָן פארן שלאָף, ווער ס׳האָט זיך געלייגט הונגעריקערהייט. ס׳איז נאָך געווען פינצטער, האָט זיך פלוצים דערהערט א שיסעריַי פון אלע זיַיטן, געשרייען פונעם פיַינט, בעהאָלע־אויסרופן פון אייגענע. אין פארלוירנקיַיט איז מען געלאָפן וווהין די אויגן האָבן געטראָגן.

עליע האָט זיך אופגעכאפט מיט א קליינער פארשפעטיקונג. סעריאָזשע איז מיט אים ניט געווען. אין גאס, אין פארטאָגיקן טונקל פאר זיך, האָט ער באמערקט רוקנס פון סאָלדאטן אין פרעמדן אָנטאָן, וואָס האָבן זיך נאָך עמעצן געיאָגט. פונהינטן זיַינען אָנגעקומען נאָך. ער האָט זיך א וואָרף געטאָן אין עפעס א פאָרטקע, זיך א קער געטאָן אין הויף אהין, אהער—ניטאָ קיין מענטש, דערזען א האלב אָפּן טויערל פון א שטעלכל און אהין אריַין. א צינד געטאָן א שוועבעלע—בא איין וואנט איז געווען אויסגעשפרייט צוגעפלעטשט גראָז, אפאָנעם, מע האָט דאָ געגעכטיקס, ערשט עטלעכע מינוט צוריק זיך פונדאנען אָפּגעטראָגן. אף דער אנדער זיַיט האָט זיך געוויַיסט פריש־צעהאקט האָלץ, א היפשער בארג אָנגעוואָרפן אין אן אומאָרדענונג. עליע האָט זיך פארקליבן צום סאמע ווענטל, אָפּגעראמט זיך דאָרטן אן אָרט, ביז די פיס האָבן אָנגעטאפט די ערד, איַינגעמאָסטעט די ווינטאָווקע, דער באגנעט זאָל ניט ארויסשטעקן, דערנאָך געגומען שלעפן דאָס האָלץ פון אלע זיַיטן צו דער פארטיפונג, אין וועלכער ער איז געזעסן און היפשע עטלעכע שיַיטלעך ארופגעוואלגערט אף זיך פונויבן, זיי זאָלן אים צודעקן.

פאר דער שפארונע אין וואנט פון שטעלכל האָט געטאָגט. דער הויף איז געווען פוסט. די שטוב האָט ניט געוויזן קיין סימאָנים פון לעבן. ס׳איז געווען א הילצערנע שטוב אף א הויכן שטיינערנעם פונדאמענט, אונטערן דאך און איבער די פענצטער שניצערייַען. די לאָדן גרין געפארבט. א קאָצ איז ארויס פון א לאָך אין בוידעם און זיך צוגעזעצט אפן דעכל פונעם פירהויז, פול פארדאכט צום אומרויִקן דרויסן.

אָט האָט זיך געעפנט די טיר, אף די טרעפלעך האָט זיך באוויזן דער באלעבאָס—א ייִד מיט אן אויסגעפוצט קליינטשיק בײַכל, מיט גלאנציק־רויטינקע באקן. ניט געקוקט אף דער פריִער שאָ, איז ער שוין געווען אָנגעטאָן אין א פידזשאק א קראגן און א שניפסל, דאָס פאָנעם וואך, ווי ער וואָלט הינטער די פארמאכטע

לאָדנ אינעווייניק שוינ גאנצ לאנג געווענ אופ. א ווײַלע האָט ער באטראכט דעמ הויפ, דערנאָכ צוגעגאנגענ צו דער פאָרטקע אונ ארויסגעקוקט אינ גאס.

עמעצנ האָט ער, ווײַזט אויס דערזענ אָנקומענ. ער איז אָפּגעטראָטנ א פאָר טריט אונ נאָכ א פאָר טריט, אראָפּגעצויגנ דאָס פידושאקל, א טאפ געטאָנ דאָס שניפסל, די רויטינקע פעטלעכע קליינע באקנ האָבנ אופגעלעבט. ס'האָט אויסגעזענ, ווי ער וואָלט זיכ גרייטנ באגעגענענ אָנגעקומענע געסט, ער איז נאָר ניט זיכער, וויאזוי די געסט וועלנ אימ באגעגענענ. אינדערעמעסנ, באלד האָבנ זיכ באוויזנ פונ דער פאָרטקע אנ אָפיציר מיט א רעוואָלווער אונ טייקעפ נאָכ אימ עטלעכע סאָלדאטנ. זיי זײַנענ מיט ביכנ טראָט ארײַנ אינ הויפ.

— פראָשע פאנא, פראָשע פאנא,—האָט דער באלעבאָס אײַנלאדנדיק נאָכ פונוויַטנס אָנגעהויבנ זיכ פאר זיי פארנויגנ—זייער צופרידנ. בערטע!—האָט ער אָנגעקלאפט אינ לאָדנ—גיי ארויס, זע ווער ס'איז געקומענ...

— קיינ רויטע זײַנענ דאָ ניטאָ?... האָט דער אָפיציר טרוקנ א ווײַז געטאָנ ארומ זיכ מיטנ רעוואָלווער.

— זיכ צעלאָפנ, פראָשע פאנא, זיכ צעלאָפנ. הע־הע. איר האָט עס גוט געמאכט.

דער אָפיציר האָט זיכ ניט אײַנגעהאלטנ פונ א צופרידענעמ שמייכל, נאָר באלד זיכ אונטערגעצויגנ אונ א שפאנ געטאָנ מיט זײַנ גרופע צומ אָפענעמ שטעלכל, דאָרטנ צעוואָרפנ דאָס גראָז, ארײַנגעקוקט אינ א פוסטנ קאדעפ, א שנאָרע געטאָנ אינ די ווינקלענ הינטערנ האָלצ אונ ארויס.

— זיכ צעלאָפנ, ווי די מײַז, איר האָט עס גוט געמאכט, האָט דער באלעבאָס אונטערגעפירט דעמ סאכאקל פונ דער אונטערזוכונג.

עמעצער פונ די סאָלדאטנ האָט א זאָג געטאָנ, אז מע וואָלט נאָכ געדארפט כאפנ א קוק אינ שטוב.

— פראָשע, פראָשע—האָט דער באלעבאָס אויסגעדריקט זײַנ גרייטקײַט. אונ אויכ די באלעבאָסטע איז שוינ געשטאנענ אפ די טרעפלעכ אָנגעטאָנ איר קלייד מיט דער מענגע פליענדיקע וואָלאנענ, איינער העכער דעמ אנדערנ. פונ די לעפלענ זײַנענ געהאנגענ ריזיקע פילפאכיקע אוירינגלעכ, אליינ איז זי נאָכ געווענ אומגעוואשנ, שטארק אָנגעפודערט די לאנגע נאָז אונ הויכ אופגעפודלט די שווארצע האָר. זי האָט געשמייכלט, געגלאנצט מיט די אויגנ אונ געשאָקלט מיטנ קאָפּ, באשטעטיקנדיק דעמ מאנס אײַנלאדונג. נאָר דער אָפיציר האָט, ווײַזט אויס, געהאלטנ פאר איבעריק די ווײַטערדיקע אונטערזוכונג אינ דעמ הויפ אונ איז גלײַכ אוועק מיט די זײַניקע ערגעצ ווײַטער.

עליענ איז אינ זײַנ באהעלטעניש אויסגעקומענ צו זיצנ שטארק אײַנגעבויגנ. דאָס האָלצ האָט געקוועטשט אינ קארק אונ אינ קאָפּ, נאָר ס'איז געווענ קלאָר—וועגנ בײַטנ דאָס אָרט איז איצט ניטאָ וואָס צו טראכטנ. מע וועט זיכ מוזנ איבערמוטשענ ביזנ אָוונט, דערנאָכ זיכ עפעס אנ אייצע געבנ. דער באלעבאָס האָט זיכ געלאָזט גײנ צומ שטעלכל. ס'האָט זיכ געהערט ווי ער שליסט צו די טיר. אז ער איז ארײַנ אינ שטוב, האָט זיכ עליע געטאכט אביסל באקוועמער אונ זיכ צוגעגרייט זיצנ.

ס'איז געווענ א כמארנער סאָפּ־זומערדיקער טאָג. א ווינט האָט געפײַפט אונ-

טערנ דאכ. ס׳האָט געצויגנ צומ דרימלענ. דורכ דער שפּארונע אינ וואנט האָט מענ געזענ אפ איינ זײַט די שטוב אונ די פאָרטקע צו דער גאס, אפ דער אנדער זײַט א גאָרטנ מיט קארטאָפל-בייטנ, א פאס בוריאנ, געדיכט אונ הויכ צעוואקסנ, א ברעטערנער פארקנ. מיט אָט דער צווייטער ריכטונג האָט עליע פארבונדנ געוויסע האָפענונגענ, געטראכט, עפּשער, וועט דאָ ארומ מעגלעכ זײַנ אומבאמערקטערהייט אוועקגיינ. די שיסערײַ האָט זיכ אָפּגערוקט, נאָר ניט אופגעהערט אונ זיכ דערטראָגנ טאקע פונ יענער זײַט. אפּאָנעמ, אז דאָרט ערגעצ האָט זיכ געזאמלט דער פאָלק אָדער עפּעס א שכײנישע טייל.

א באָרוועס מײדל, קענטיק, א באדינערנ אינ שטוב, האָט זיכ באוויזנ מיט א קאָשעק אינ דער האנט. זי האָט זיכ שלעפעריק ארומגעקוקט אווײַלע אונ איז אוועק אינ גאָרטנ גראָבנ קארטאָפל. אריבערגייענדיק פונ קוסט צו קוסט, האָט זי זיכ פארטיפט אלצ ווײַטער. מיטאמאָל האָט זי זיכ אָפּגעשטעלט, געווענדעט די אויגנ צו די הויכע ווילדגראָזנ. עמעצער איז דאָרטנ געלעגנ אונ געווונקענ צו איר מיט א פינגער, זי זאָל צוגיינ נעענטער. עליע האָט דערקענט אינ דעמ ליגנדיקנ סעריאָזשענ, וועלכנ ער האָט אינ דער צעמישעניש פארלוירנ. עפּעס האָט ער דעמ מײדל דערקלערט צי וועגנ עפּעס געבעטנ. זי איז געשטאנענ אפ אנ אָרט, מיט אינטערעס אויסגעהערט, ניט געכאפּט זיכ אוועקגיינ אָדער ענטפערנ, קענטיק, באטראכטנדיק יענעמס פאָרשלאגנ.

אינ שטוב האָט זיכ געעפנט א פענצטער. די באלעבאָסטע האָט ארויסגערוקט איר ווײַס-אָנגעפודערטע לאנגע נאָז אונ זיכ צעשריִענ:

— דוניא! דוניא!

— קרוטאָוו האָט זיכ טייקעפ אונטערגעטוקט אינ בוריאנ. דאָס מײדל האָט נאָכ א פּאָר מאָל א גראָב געטאָנ מיט דער סאפּקע אינ דער ערד אונ איז אָנ איבעריקער אײַלעניש אוועק צוריק.

— מיט ווענמ האָסטו עס דאָרטנ גערעדט?—האָט די באלעבאָסטע אומצופרידנ פירגעהאלטנ די באדינערנ. יענע האָט אוועקגעשטעלט אפ די טרעפּלעכ דעמ קאָשיק, א קאלופּע געטאָנ זיכ אינ דער נאָז אונ געענטפערט זייער געלאסנ:

— מיט קיינעמ ניט.

דער באלעבאָס איז אויכ געשטאנענ באמ פענצטער. ער האָט זיכ אינ דעמ שמועס מיטנ דינסטמײדל ניט ארײַנגעמישט. ער האָט נאָר געקוקט ניט אזוי אפ איר, ווי אריבער איר אונ אריבער די קארטאָפל-בייטנ צומ בוריאנ דאָרט אינ עק פונ זײַנ גאָרטנ. ער האָט געהאט זייער הארטע אונ זייער אופמערקזאמע אויגנ. ער איז ארויס פונ שטוב אונ איז ארויס פונ הויפ.

„ווּהינ איז ער עס אוועק?" האָט עליע א טראכט געטאָנ באומרויִקט, „אנטלויפ סעריאָזשע!" ... ער האָט זיכ א רודער געטאָנ צווישנ די האָלצ, ווי צומ אופשטיינ אונ געבליבנ ווײַטער זיצנ, „דאָס שטעלכל איז פארשלאָסנ. אונ סײַווי אומעגלעכ איצט ווײַזנ זיכ אפילע אפ א מינוט. וואָלט כאָטש אָט די דוניע האָבנ סייכל אימ טייקעפ ערגעצ באהאלטנ. אונ וואָס ליגט ער דאָרטנ, וואָס פאר אנ אָרט האָט ער זיכ אויסגעקליבנ?"..

עליע האָט ניט באוויזנ דאָס אלצ איבערקלערנ, ווי ער האָט דערזענ אז אינ הויפ איז מענ שוינ דאָ: א יונגינק אָפיצירל מיט עטלעכע מיליטערישע, אונ באלד

נאָכ זיי — דער באַלעבאָס, וואָס האָט פונוויַטנ מיט א חונק אָנגעוויזנ די ריכטונג וווּ מע האָט צו זוכנ, עפּעס דערביַי געזאָגט און איז אריַנ אינ שטוב. „אנטלויפֿ, טיַערער, אנטלויפֿ!“ האָט עליע א שעפּטשע געטאָנ, נאָר די מיליטערישע האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ צום גאָרטנ, עליע האָט געזענ פונ זיַנ באַהעלטעניש, ווי קרוטאָוו שטייט אופֿ זיי אנטקעגנ מיט אופֿגעהויבענע הענט. „ריכטיק“, האָט ער באַגיטיקט. „מילכאָמע, א געפֿאנגענער. זיי טאָרנ אים ניט טשעפּענ“... נאָר דאָס אָפֿיציר האָט פריער פאר אלץ, גליַיכ באַם ערשטנ צוטריט, דערלאַנגט דעמ געפֿאנגענעמ מיטנ רעוואָלווער־איַיזנ איבערנ קאָפּ. ערשט נאָכ דעמ האָט מענ אים גענומענ אונטערשטורכענ פונהינטנ מיט די פריקלאַדנ. א פארגאָסענער מיט בלוט, אָנ א היטל, שאָקלענדיק זיכ, ווי א שיכורער, איז סעריאָזשעס קרוטאָוו געגאנגענ פארביַי דער וואַנט, הינטער וועלכער שויעל איז געזעסנ צוגעפּאַלנ מיט די אויגנ צו דער דינער שפּאַרונע. „אכ, מערדער, נידעריקע נעפּאַשעס!“ האָט עליע געגליט.

ער האָט זיכ ניט געקאָנט שענקענ, וואָס פארטאָג בעייסנ אומגליק איז ער פארשלאָפֿנ א פּאָר וויכטיקע מינוטנ און ארויסגעלאָזט סעריאָזשענ פונ אויג, און אליינ אויכ — ליגט, ווי א נאַר, דאָ אינ האָלצ, ווער ווייס, וויאַזוי ער וועט ארויס. „מע טאָר ניט אָפּשטיינ פונ דער טייל, אפֿ קיינ רעגע טאָר מענ ניט אָפּשטיינ. סיַ גוט, סיַ שלעכט — איינינעם, ווי פינגער אינ האַנט“... האָט ער זיכ געמאַכט אנ אויספיר פונ דעמ, וואָס איז פּאַרגעקומענ. איצט איז אָבער פאַרפאַלנ. איצט מוז מענ שוויַגנ זיצנ ביז פארנאַכט, דערנאָכ אינ דער פינצטער זיכ פרווונ אנ אייצע געבנ. ער האָט צוגעמאַכט די אויגנ און געפּרווט דרעמלענ, נאָר דאָס הארצ האָט געברענט און וויי געטאָנ, ניט געוואָלט זיכ שטילנ. „זיי וועלנ פּאַטערנ דאָס יינגל“ האָט ער געטראַכט, און א קנויל, ווי א פויסט, האָט געוואָרגנ באַם האַלדז.

ס׳האָט געדאַרפֿט זיַנ אַרום האַלבנ טאָג, ווענ די שיסעריַי הינטערנ שטעטל, וואָס האָט אפֿ א שטיקל צייַט קיימאָט אופֿגעהערט, האָט זיכ פּלוצים באַניַיט מיט גרויסער פארביסנקיַיט און האָט זיכ דערטראָגנ אזוי ווי פונ עטלעכע וויַיטנ פאַראַמאָל. עליע האָט זיכ אופֿגעכאַפּט פונ זיַינ פארגליווערטקיַיט.

ס׳איז, קענטיק, געשענ אנ ערנסטע ענדערונג. פארביַי דער פּאָרטקע זיַינענ געלאָפֿנ מיליטערישע. ס׳האָבנ זיכ געהערט אומרויִקע קאָמאנדע־אויסרופֿנ. אינ דער שטוב האָט מענ צוריק פארמאַכט די לאַדנ, מער האָט קיינער פונ דאָרטנ ניט ארויסגעשמעקט. די שיסעריַי האָט זיכ צעפּלאַקערט אלץ שטאַרקער און האָט זיכ צוגערוקט וואָס אמאָל נענטער. א שאַלנ פונ „הורא־או“... האָט זיכ דערטראָגנ פונ עק שטעטל, און אָט האָט זיכ אפֿ דער גאַס אָנגעהויבנ א צעטומלטע צוריק־לויפֿעניש. ס׳האָבנ פארביַיגעיאָגט אינ גאַלאָפּ עטלעכע קאַנאָנענ, נאָכ זיי — פוסגייער פעקלעכוויַיז און איינציקוויַיז. דערנאָכ איז די גאַס פוסט געוואָרנ אפֿ א מינוט, און באַלד האָבנ זיכ פארביַי דער פּאָרטקע ווידער א וויַיז געטאָנ מענטשנ — קעפּ און באַנגעטנ אָנגעצילעוועטע פּאָרויס. צווייענ האָבנ מיט אימפּעט געטאַסקעט נאָכ זיכ א קוילנוואַרפער אפֿ רעדלעכ. זיי האָבנ אים, קענטיק, איַינגעשטעלט ערגעצ טיקעפּ הינטער דער שטוב און אָנ שיִעס זיכ א נעם געטאָנ שטעפּנ.

די שינעלנ, דורכשווינדלענדיקע פּענעמער האָבנ עליענ איבערגעצייַגט, אז איייגענע זיַינענ דאָ. הילכנ, אָפּגעריסענע שטיקלעכ ווערטער זיַינענ דערגאַנגענ פונ





דער גאס־באַקאַנט און נאָענט, ווי די שטים פון א ברודער, אומעגלעך זיך אָפּצונארן. א הייסע כוואַליע האָט אים פאַרגאָסן דאָס הארץ, ער האָט זיך א ריס געטאָן פונעם אָרט, אז די שטעלעך האָבן זיך צעשאָטן פון אים מיט א ראַש. ער האָט ארויסבאַקומען די ווינטאָווקע און זיך א לאָז געטאָן צום ארויסגאַנג. אָן אופגערייצטער האָט עליע אָנגעהויבן קלאַפּן נאָכאַנאַנד און אומגעדולדיק מיטן פריקלאַד אין דער טיר. דער פריקלאַד האָט ניט געווירקט. דעמלט האָט ער אופגעהויבן פון דער ערד א ניט־צעזעגטע היפּשע שטאַנג און מיט איר, ווי מיט א טאַראַן, גענומען זעצן שווער און איינגעשפּאַרט אין איינער א ברעט, ביז ער האָט זי איינגעבראָכן. פאַרויס די האַנט מיט דער ווינטאָווקע, נאָכדעם דעם קערפּער, האָט ער זיך ארויסגעשטופּט דורך דער שמאָלער עפענונג און אָפּגעשטעלט זיך אַף א רעגע ברענגענ אין אָרדענונג זיינע צעפּאָרענע קליידער.

דאָ האָט עליע באַמערקט, אז פון דער האַלב־אָפענער טיר פונעם פּירהויז אַנטקעגן קוקט מען אַף אים — דער באַלעבאָס, די באַלעבאָסטע, דוניע און הינטער זייערע פּלייצעס עמעצער נאָך. ווייזט אויס, זיי זיינען דאָרט געשטאַנען שוין זינט א היפּש שטיקל צייט. אין זייערע אויגן איז געווען פאַרווונדערונג און שרעק פאַר אָט דעם אומגעריכטן פאַרשוין, וואָס האָט מיט אַזא שטורעם זיך ארויסגעיאָוועט פונעם פאַרשלאָסענעם שטעלכל, אומפאַרשטענדלעך, ווי־אַזוי און פונוואַנען ער האָט זיך אהינצו גענומען. זיי זיינען געשטאַנען ארויסגעשטעלט די פּנעמער און קיין טריט ניט געמאַכט איבער דער שוועל, די מיילער זיינען זיי געווען אָפן, און זיי האָבן קיין קלאַנג ניט ארויסגעבראַכט.

עליע איז א דורך צו דער פּאָרטקע אָן א בליק אין יענער זייט און ארויסגעקוקט אַף דער גאַס.

די חיים־פּאָליאַקן זיינען שוין, קענטיק, איינגעאַנצן ארויס פון שטעטל. די שיסעריי איז שוואַכער געוואָרן. פאַרשפּעטיקטע רויטאַרמייער האָבן געיילט פּאָרויס. עליע האָט זיך געוואַקלט א ווייל, עפּשער זאָל ער זיך גלייך לאָזן אָפּזוכן זיין טייל, נאָר באַשלאָסן, אז ניין, ער האָט פריער אָפּצוטאָן עפּעס אַנדערש. ער האָט זיך א קערעווע אויס געטאָן צוריק, איז צוגעגאַנגען ביז די טרעפּלעך פאַר דער אָפענער הויז־טיר, ווו די פאַרכידעשטע שוב־לייט זיינען נאָך אַלץ, ווי פריער, געשטאַנען, און קורץ נאָר גאַנץ אַנטשיידן אַוועק געטאָן מיט א פינגער צום באַלעבאָס, ער זאָל אראָפּגיין.

— וואָס? — האָט יענער געפרעגט אביסל צעמישט, דעריקער אָבער גיוועדיק אַנגעדרודלט.

— קומט אהער.

ער איז אראָפּ, די רויזינקע באַקן, דאָס אויסגעפּוצטע קליין בייכל, די ווייַנשלאויגן האָבן נאָך אַלץ אויסגעדריקט גיוועריקע אָנגעברוגעוסקייט אין געמיש מיט א געוויסער פאַרלוירנקייט.

— וואָס דאַרפט איר?

— איר ווייסט אליין.

— וואָס ווייס איך, וואָס ווילט איר?

— קומט, קומט! — האָט אים עליע גראָב א נעם געטאָן פאַר אַן ארבל.

דער באַלעבאָס האָט געמאַכט אַ באַוועגונג זיך אַרויסצורײַסן, נאָר עליע האָט אים געהאַלטן שטײַף.

— וועמער זײַט איר? וווהין זאָל איך גײן?

— כ'וועל אײַך שוין פירן.

— אָבער ווער זײַט איר? וואָס ווילט איר פון מיר?

דער באַלעבאָס האָט אָנגעהויבן אַלץ היציקער און צעשראָקענער זיך רײַסן פון עליעס הענט. די לאַנגגנאָזיקע באַלעבאָסטע איז, שאָקלענדיק מיט די אויערינגלעך, אַראָפּגעלאָפן מיט קוילעס:

— גאַזלען! מעשוגענער! פונוואַנען האָט איר זיך גענומען? וואָס'ט איר זיך צו־געטשעפּעט?

עליע האָט אָפּגעלאָזט דעם פאַרשוין און געמאַכט אַ טריט צום אַרויסגאַנג.

— אויב איר גייט ניט—האָט ער געזאָגט—רוף איך גלײַך אַרײַן עטלעכע רוויט־אַרמייער, און מיר פאַטערן אײַך דאָ אַפן אָרט.

— אָבער גוואַלד, פאַרוואָס? וואָס'ט ער געטאָן?—האָט די יידענע געליאַרעמט,— מויסיי, וואָס וויל ער פון דיר?

דער באַלעבאָס האָט געשוויגן.

— ער ווייס גוט, וואָס ער האָט געטאָן,—האָט עליע זיך אָנגערופן.

— איך ווייס ניט, איך ווייס ניט גאָרניט...

די פאַרב פון דעם מענטשנס באַקן איז פּלוצים אַוועק, אַ בלײַערנע גרויקײַט האָט זיי צוגעדעקט, די הענט, די ליפּן האָבן אים גענומען ציטערן, ער האָט גע־בעבעט:

— איר זײַט דאָך אַ ייִד, אַ ייִדישער סאָלדאַט, איך הער דאָך, איר רעדט אַף ייִדיש, מיר זײַנען דאָך ביידע ייִדן...

עליע האָט זיך פאַרקרימט, ווי ס'וואָלטן אים אָנגעכאַפּט ווייטיקן.

— הינטישע פעל!—האָט ער אויסגעשריִען—פּאָדלער נעפעש! דו גייסט, צי נײַן?

ער איז אָפּגעטראָטן ביז צו דער פאָרטקע און געמאַכט גרייט די ביקס.

— איך צייל ביז דרײַ. איינס, צוויי...

דער מאַן מיט דער פרוי האָבן אים אָנגעקוקט שטום פאַר שרעק. איין דוניע איז, ווי פריִער, געשטאַנען דוּיק אַפן אויבערשטן טרעפּל און מיט אַ נײַגעריק צעעפנט מויל באַטראַכט, וואָס דאָ קומט פאָר.

— נו?—האָט עליע אויסגערופן נאָך אַ קורצן אויסוואַרטן.

— איך גיי, איך גײ—און זיך אַ פּלינקן דריי אויס געטאָן, ווי אַף צו שטעלן פיס. אַ שאָס אין דער הייך. אַ קוויטש פון דער פרוי. דער באַלעבאָס איז באַלד פאַרגליווערט געוואָרן.

— מאַרש!—האָט עליע אַ קאָמאַנדעווע געטאָן, און יענער איז אונטערטעניק אַרויס פון טויער.

עליע האָט זיך גאַנץ לאַנג מיט אים אַרומגעפירט איבער די גאַסן, זוכנדיק דעם קאָמיסאַר פון פּאָלק. נאָך עטלעכע מינוט שפּאַצירן שוויַגנדיק אַף דער פרישער לופט איז דער באַלעבאָס, קענטיק, אַביסל געקומען צו זיך.

— זאָגט מיר, איכ בעט אײַכ,—האָט ער ווידער אָנגעהויבנ—וואָס פארלאנגט איר פונ מיר? איכ האָב נאָכ פונ אײַכ ניט געהערט, עפשער, עפעס א קאָנטריבוציע, קענ מענ זיכ דערײדנ. וואָס דארפט איר מיכ פירנ? אדעראבע, איכ קענ עס איבערגעבנ גלײַכ אינ אײַערע הענט.

עליע האָט געשוויגנ.

— כ׳פארשטײ ניט. עפעס מוז דאָכ זײַנ? איכ קאָנ זיכ ניט אָנשטויסנ... מעשונע... איר זײַט געלעגנ דאָרט אינ שטעלעכל פונ באנאכט אָנ?... ווענ איכ זאָל עס געווענ ווײסנ... א ייִדישער סאָלראט, אדעראבע... איכ בינ געווענ זיכער, אז קײנער איז ניטאָ... מעשונע, מעשונע. מיט וואָס האָב איכ זיכ קענג אײַכ פארזינדיקט? איכ קאָנ זיכ ניט אויסטאָלנ... אונ טאָמער עפעס יאָ, איז בינ איכ גרײט אײַכ איבערבעטנ, מיט וואָס איר ווילט. מיר זײַנענ דאָכ בײדע ייִדנ...

עליע האָט געשוויגנ. דעם מענטשנס רײד האָבנ געוועקט אינ אים א ווילדנ קאעס, וואָס ער האָט נאָכ אזא מינ קײנמאָל ניט געפילט. ער איז געווענ קאפאבל זיכ ארופווארפנ אפ אים אונ טרעטנ אים מיט די פיס. ווענ ער ענטפערט איצט א וואָרט, האָט אים געדוכט, הויבט ער אָנ רעווענ, ווי א כײַע, אונ ס׳ווערט פינצטער. שווײַגנ איז דער אײנציקער מיטל צו האלטנ זיכ אינ די הענט. „כמוז אים דערפירנ ביזנ קאָמיסאר, אונ זאָל ער מיט אים טאָנ וואָס מע דארפ. דיסציפלינ״..

פלוצים האָט ער דערזענ—א קערפער איז אויסגעשפרײט אינמיטנ גאס. עליע איז צוגעלאָפנ. ווײטעק, ליבע, צאָרנ זײַנענ, ווי א שטורעם, אָנגעפלויגנ, אים פארכאפט אונ צערודערט. עליע יאָרש איז געשטאנענ איבער דער אומבאוועגלעכער געשטאלט פונ זײַנ פרײַנט. די מענעריש־ערנסטע מינע האָט זיכ איצט פונ דעמ ייִנגלס פאָנעם אָפגעטאָנ. א קינדישע צארטקײַט איז אויסגעגאָסנ געווענ ארומ מויל אונ אפ דער קײַלעכדיקײַט פונ די באקנ. עליע האָט ניט געקאָנט אָפרײַסנ דעמ בליק פונ אָט דעמ פאָנעם... מיטאמאָל האָט ער זיכ דערמאָנט אונ זיכ אומגעקוקט—דער ארעסטירטער איז שוינ ניט געווענ, נאָר זײַנ פלײצע האָט זיכ א ווײַז געטאָנ אפ א רעגע באמ ראָג פונ א שטוב אונ איז פארשווונדנ... עליע האָט א מאכ געטאָנ מיט דער האנט. טרערנ האָבנ אים געוואָרגנ. ער האָט זיכ אראָפגעלאָזט אפ א קני, אופגעהויבנ דעם קערפער אונ מיט שווערקײַט פארוואָרפנ אים זיכ איבערנ אקסל. אזוי האָט ער אים געטראָגנ, בויגנדיק זיכ אונטער דער לאסט, ביז ער האָט באגעגנט א פור.

---

ס׳איז געווענ א בײזע ווינטער־נאכט. א פארשלעפטע פאָרעניש מיט א לאנגנ פינצטערנ צוג דורכ עפעס וויסטע באנדיטישע ערטער. א טעפלושקע פול מיט שינעלנ, יאָרש צווישנ זײ. ערגעצ האָט מענ אָנגעבראָכנ לאָדנס אונ שאליאָוויקעס פונ א פארלאָזטער שטוב אונ אָנגעהײצט דאָס אײַזערנע הרובקעלע ביז רויטנ גלי. שפעטער האָט דאָס פארגרײטע האָלצ אויסגעברענט, די וואַרעמקײַט האָט זיכ געפעלט אײַנײנעם מיט דער שײַנ, אונ טײקעפ איז, ווי א געשפענסט, אויסגעוואקסנ אינ וואגאָנ די קעלט. מ׳איז אראָפגעקראָכנ פונ די נארעס אונ זיכ צוגערוקט צו די רעשטנ פײַער, אופגעזוכט אפנ פאָל פארוואלגערטע שפענדלעכ אונ קארג, אײנציקווײַז זײ צוגעוואָרפנ. נאָכ לאנגנ שטײנ אפ עפעס א פארלאָשענעם פאָלוסטאנעק, ווי אפ בלײַבנ דאָרט ווינטערנ, איז דער צוג אוועק אונ אָנ אנ אָפשטעל

א שאָ דרײַ נאָכאנאנד. די באַוועגונג פּאַרויס האָט געפּרײַט, נאָר אין דער הרובקע איז אויסגעגאנגען דער לעצטער פונק. די קעלט האָט געהויבן פון די ערטער. אין דער שטאָק־פינצטערניש, פאַרקאַליִעטע, האָט מען געטופּעט מיט די פיס און הויך געפּרעדט, איבערשרײַענדיק דעם גערודער פון די רעדער.

— בררר... וועלפ צו טרײַבן.

— דריי, דריי, גאַוורילע!

— וואָלט ער כאָטש אפ א מינוט זיך אָפּשטעלן לעבן א טרוקענעם פאַרקן, צי וואָס.

— וועסט ניט פאַרפרוירן ווערן. רויטאַרמייִש בלוט, ברודערל, איז ווי ספּירט.

— עך, א גוט ביסל ספּירט! דאָס וואָלט איצט גאָרניט געשאַדט.

— צי כאָטש סאַמאַהאָן.

— איך רעכן ניט אנדערש, ברידערלעך. אָפּגעמילכאָמעוועט. איצט דאַרף מען זיך א נעם טאָן צו ארבעט.

— יאָ אָפּגעמילכאָמעוועט האָבן מיר ערלעך.

— אכט יאָר. ארום און ארום, מיט דער דינסט פריִער, באַלד אכט יאָר אונטער דער ביקס. ס'וועט שווין, דאַכט זיך, אומעטיק זײַן אָן איר, דער פאַרשאָלטע־נער. וועסט נעמען דעם אקער אין האַנט, וועסטו זיך טראַכטן — וואָס איז עס פאַר א מין געווער, ווי שיסט מען פון אָט דער מײַסע?

— האָב קיין מוירע ניט, מיטן לעפל צום מויל, און מיטן אקער צו דער ערד וועסטו נאָך טרעפן אין דער פינצטער.

— מע זאָגט, בא פּערעקאָפּ זײַנען געפאַלן פון אונדזערע ביז צען טויזנט.

— אָבער די בורזשויעס מיט די גענעראַלן מיט אַלע זייערע ענגלענדער ארויס־געטריבן צו אַלדע שווארצע יאָר?

— און וואָס וועט איצטער זײַן?

— קלאָר, איצט וועלן מיר אָנהויבן בויען א לעבן, ווי מיר פאַרשטייען.

— היי, פעדקאָ, ווו ביסטו דאָרטן? נעם דײַן האַרמאָניקע און שפּיל אונדז עפּעס אזוינס, סע זאָל ווערן וואַרעם אין די פיס.

— פינצטער.

— ס'מאַכט ניט אויס. מירן אפ די ערטער.

די האַרמאָניקע האָט אופגעשפּילט א פריילעכס, די פיס איבערן גאַנצן וואַגאָן האָבן זיך צעטענצלט.

— שנעלער! לעבעדיקער! — האָט מען אונטערגעגעבן היץ פון אַלע זײַטן, און די מוזיק האָט זיך צעיאָגט, ווי א ווינטער.

אזוי איז דער דעמאָביליזירטער עליע יאָרש ווינטער 1921 יאָר געפאָרן אהיים. אין שמועס האָט ער זיך ניט געמישט, נאָר ער האָט ניט געקאָנט אײַנהאַלטן די פיס. זיי האָבן איצט געאַרבעט פון זיך אליין.

רוּווע רײזין

# אפ א יוגנט-דעמאנסטראציע

אָ, פרײַהײַט, וואָס האָט דורך הויכנ פאָכ פונ פאָנ
באשײַנט די שטיבעלעכ פונ נויט אונ דײַגעס,
כ'זע דיכ הײַנט אינ יונגענ-לײַבער געשניצט פונ בראָנז,
כ'זע דיכ הײַנט אינ מײדל-שלאנקײַט, פארפרעסט אינ מײַקעס.

ווו ס'האָבנ כורוועס דעמ ערשטנ מאָל געשײַנט
ניט פונ זונ—פונ סרײפע-הימל
באלויכט די זונ די יוגנט הײַנט
דעמ וועג דורכ טויערנ פונ מירמל.

א פיל כוואליענדיקנ וואל צומ טאקט
הויבט אופ דער אויסבראָכ פונ אָרקעסטער—
פונ טויזנט טריט ווערט אויסגעהאקט
איינ גלײַכ געשטעלטער טראָט איינ פעסטער.

ווי ס'נעמט אופ דער יאמ די זונ פונ ראנד
מיט שטורמישע אָוואציע-כוואליעס,
נעמט אופ די יוגנט מיט א ראשיקנ הורא
דאָס באווײַזנ זיכ פונ פירער סטאלינ...

הײמלאנד, ווי ווײַט אוועק, ווי ווײַט
ביזטו נאָכ שלאכט אונ כורבנ שווערנ,
אז פונ פרײַלעכקײַט הײַנט
שטעלנ זיכ אינ אויג מיר טרערנ.

ס'טוט דער אָרקעסטער מיטאמאָל א שפיל,
ווי אינ מײַנ קינדהײַט-צײַט „שטייט אופ איר אלע!"
אז ס'נעמט מיר דורכ אזא געפיל,
אז ס'גייט דורכ דורכ מײַנ לײַב א כוואליע.

אונטער דעם הימל זײַנען דאָך אָנגעקומען פונ זיג באשײַנט
ארמײער באָרוועסע אפ דער סרײפע־סטאנציע,
אונטער דעם הימל האָט דאָס כורבנלאנד זיך דערהויבנ הײַנט,
אז ס׳קוקט פארוואונדערט אפ איר די וועלט די גאנצע.

ס׳טוענ זיך א לאָז איבער דער פײַערלעכער מירמל־שטאָט
פאראשוטנ־שוואלבנ פונ אעראָפלאנענ־נעסטנ,
יוגנט!—פרעכטיקײַט פונ אונדזער הײמלאנד־סאָד
יוגנט!—מעכטיקײַט פונ אונדזער הײמלאנד־פעסטונג.

וואך אופ פונ טיפ פונ הארצנ דאָרט
דו נײַער ניגנ, וואָס איז איצט מיר נויטיק—
עס שמײכלט שוינ דער שענסטער דאָר
וואָס איז פונ גאָרנישט ניט באלײדיקט...

אָ, פרײַהײַט, וואָס האָט דורך רויטנ פאָך פונ פאָנ
באשײַנט די שטיבעלעך פונ נויט אונ דײַגעס,
כ׳זע דיך הײַנט אינ יונגענ־לײַבער געשניצט פונ בראָנז,
כ׳זע דיך הײַנט אינ מײדל־שלאנקײַט פארפרעסט אינ מײַקעס.

״״

ס׳שמײכלט אינ פײַערנ די שטאָט פונ בארג דאָרט—הויב איך בארג ארופ זיך העכער,
אָחנס, אָונט, אָוונט, לעמפלעך איבער דעכער.

פונ בליצנ אנ אופגעהעלטע, פונ דונערנ אנ אופגעוועקטע
לויפט דאָרט די שטאָט אראָפ פונ בארג אינ מײַנע אָרעמס אויסגעשטרעקטע.

גוטמאָרגנ, הײמ־שטאָט, ווו ס׳בליצט דער אָונט מיט שווינד פונ אוטאָ־פײַערס פלינקע,
כ׳האָב לאנג נימ געהערט שוינ שפילנ אינ א הויפ א קאטערינקע.

באוויַיז מיר איצט אפ גאסנ פונ מײַנ הײמ־שטאָט אזא ווינקל
ווו ס׳זאָל באנאכט זיך טוליענ פונ שלאָפ א הײמלאָז ייִנגל.

גוט וואָס ס׳איז גאנצ מײַנ קערפער, דער אויסגעוואלגערטער אינ יעדער נאָרע,
ווענ ס׳מאָלט מײַנ צוקונפט אזוי ליכטיק אזא נאכט א קלאָרע.

אוי, ס׳האָט מיך ארומגעכאפט אינגאנצנ א שיקערער פארלאנג צום לעבנ,
ס׳האָט די פרײד, ווי מיט קישעפ מיך א צי געגעבנ.

כ׳זוך מײַנ ערשטע ליבע—עפשער וועט זי מיר אנטקעגנ קומענ,
ס׳האָט דער זומער־סקווער מיך הײַנט פארשיקערט מיט שמײכלענ פונ מײדלעך אונ
פונ בלומענ.

ס'טוט א טראמוויַ א שווינדל מיט טראסק און בליאסק פאר מײַנע אויגנ
כ'ווער דורכ אים ווי דורכ א יאם־וואל מיטנ שטאָט־רויש מיטגעצויגנ.

אויב כ'וועל באגעגענענ איצטער יענע מיידל, יענע ליבע
וועל איכ צום טראָטואר צום צווייטנ ווי אמאָל פארשעמט שוינ ניט אריבער.

וועלנ איר די הענגענדיקע שמאטעס פונ מײַנ לײַב שוינ ניט דערשרעקנ,
אינ א ווײַדנ העמדל וועל איכ אָנגיינ איר אנטקעגנ.

וועט מיר אײַנפאלנ, א געשאנק איר קויפנ בא דער באלויכטענער וויטרינע,
אז וועלכער כ'פלעג א היימלאָזער קוקנ מיט ושעדנעקײַט אונ טינע.

ווי ביסטו מיידל, איכ באהאלט זיכ שוינ ניט פונ דיר אונ פונ דער שטאָט
פונ הינטער פארענטשנ,
ווי א כײַע—א דרייסטע צווישנ כײַעס אונ א דערשראָקענער צווישנ מענטשנ;

באלויכטנ פונ בליצ־רעקלאמענ שווינדלענ פאר מיר ווי אפנ עקראנ געזיכטער,
טרעט איכ א שטאָלצער אונ פארליר זיכ היימלעכ אינ א מענגע א געדיכטער,

באלויכטנ פונ ביידע זײַטנ פונ גרויסע, גרויסע פענצטער—שטיקער הימל
גײט אופ מײַנ יוגנט מיט צעעפנטע אָרעמס דער טויער פונ פײַערלעכנ מירמל.

---

מ. כאשטשעוואצקי

# א טאג אינ בירעבידזשאנ

(פונ מײַנ בירעבידזשאנער טאָגבוכ)

אזוי הויבט זיכ אָנ א טאָג אינ בירעבידזשאנ.

אינ מאָסקווע אפנ קרעמל־טורעמ האָט איצט דער זייגער זיכער אונ קלאָר אויסגעציילט צוועלפ און אינ דער האלבנאכטיקער שטילקייַט פונ דער אנשלאָפנווערנדיקער הויפטשטאָט האָבנ זיכ דערהערט די ערשטע מונטערע קלאנגענ פונעמ פראָלעטארישנ הימנ, און דאָ, זייַנענ שוינ די קליינע ווייַזערס פונ אלע טאשנ־ און האנט־זייגערס, פונ אלע טיש־ און וואנט־זייגערס אינ די שטיבער און אנשטאלטנ דורכגעלאָפנ דעמ רעכטנ האלבנ קרייַז פונעמ ציפערבלאט און שוינ פארכאפט אפילע אינ שאָ־טילונג פונעמ צווייטנ האלבנ קרייַז. ס'איז 7 אזייגער פארטאָג. אייגנטלעכ, שוינ עמעסער טאָג—בלויז דער אינדערפרי איז הייַנט א ביסל א נעפלדיקער. אָבער באלד וועט שוינ די אָנגעגליטע זונ א פריש אויסגעבאָדענע אינ די וואסערנ פונעמ שטילנ אָקעאנ, דורכרייַסנ די גרויע נעפל־דעק און וועט באלויכטנ מיט אירע שטראלנ די נאָענטע שטילע סאָפקע, דעמ קוימענשפיצ פונ „דעטאל”, די גרויסע פענצטער פונעמ נעגנט־קאָמיטעט, די ברוינע וואסערנ פונ דער פלייציקער בירע און דעמ גאנצנ היפשנ אָנגעוואלגער פונ געבייַדעס, בוי־מאטעריאלנ, מאַשינעס און לעבעדיקע וועגנס, וואָס אלצ צוזאמענ בילדנ זיי די נייַע שטאָט אינ דער טייַגע, די הויפטשטאָט פונ דער יִידישער אווטאָנאָמער געגנט—בירעבידזשאנ.

ס'איז קאיאָר, נאָר דער בירעבידזשאנער טאָג האָט זיכ שוינ לאנג אָנגעהויבנ, ווייַל בירעבידזשאנ הויבט זיכ אָנ „נאָכ פונ דער היימ”, יעדנפאלס, איז א פאָר צענדליק מענטשנ אינ די ענגע אָנגעפרעסטע, אָנגעשטויבטע און אָנגערויכערטע וואגאָנעס פונעמ 44־טנ צוג, וואָס פאָרט אפ מיזרעכ, שוינ לאנג ניט געשלאָפנ, שוינ לאנג אופגעוועקט די קינדער, צונויפגעבונדנ די פעק און געשטופט די פארטשאדעטע קעפ אינ פענצטער ארייַנ, געריסנ מיט די בליקנ די ארומיקע פינצטערניש און אלעמאָל מיט כריפענדיקע קוילעס זיכ דערפרעגט באמ וואגאָנ־פירער:

— שוינ גיכ בירעבידזשאנ?

— שוינ גיכ,—האָט זיי אלעמאָל געענטפערט געדולדיק דער ברייטפלייציקער קאָנדוקטער אינעמ גרויענ אָנצוג און דערבייַ זייער רויִק פארדרייט די שווארצע

געדיכטע וואָנצעס,—שוינ גאָר גיכ. אונ אַלעמאָל באַ אַנ אָפּשטעל, אָדער ווענ דער צוג פלעגט גלאַט נעמענ לאַנגזאַמער גײנ, האָט זיכ דאָס פּאָר צענדליק מענטשנ געריסנ פונעם אָרט, געשלעפּט די פּעק, געוואָרפנ זיכ צו דער טיר, אופוועקנדיק אונ צערודערנדיק ארומ זיכ די שכײנים־פּאַסאַזשירנ אונ אַלעמאָל האָט זײ דער רויִקער ברײטפּלײציקער קאָנדוקטאָר מיט די שוואַרצע געדיכטע וואָנצעס באַרויִקט:

— נאָכ ניט בירעבידזשאַנ. וואָס אײַלט איר זיכ?

אונ ארומ איז ווידער געגאַנגענ די טײַגע, אונ די זעלטענע סטאַנציעס האָבנ דאַפּקע שוינ געטראָגנ נעמענ ענלעכע צו בירעבידזשאַנ, ווי ביראָקאַנ, ביראָ, אונ בירעבידזשאַנ איז נאָכ אַלץ ניט געווענ. אָבער די מענטשנ אינ די וואַגאָנעס זײַנענ שוינ ניט אָפּגעטראָטנ פונ די פענצטער,—זײ האָבנ געוווּסט, אַז זײ פאָרנ שוינ איצט איבער דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט אונ אינעם אופקומענדיקנ טאָג האָבנ זײ זיכ געפרוווּט צו קוקנ אַפ דער געגנט, זענ, וואָס ארומ טוט זיכ. אָבער ארומ איז, מערסטנס, געווענ טײַגע, בערג זײַנענ אַלעמאָל צוגעקומענ קימאַט ביזנ פענצטער אונ האָבנ פאַרשטעלט דעמ רוימ. דערנאָכ זײַנענ די בערגלעכ אָפּגעטראָטנ ווײַט, ווײַט, קימאַט ביזנ האָריזאָנט, אַנטפּלעקנדיק נידעריקע באַוואַלדיקטע פלאַכנ—זעלטענע הײַזלעכ האָבנ זיכ אַמאָל אָנגעזענ דורכ די פענצטער—נאָכ זעלטענער—מענטשנ. אָט דאָס איז עס די ייִדישע געגנט... אונ וואָס אַזוינס איז בירעבידזשאַנ? די פראַגע האָט געמאַטערט אַלע אונדזערע פאַרשוינענ, ווײַלע נאָכ אַלעמענ, שוינ נאָכ די לאַנגע קווענקלענישנ אונ צוגרײטונגענ, נאָכ לאַנגע אויספרעגענישנ אונ דערפרעגענישנ, פאָרנדיק אַהערצו, האָבנ זײ דאָכ קײנ גענויע פאָרשטעלונג וועגנ דעמ ניט געהאַט. צי איז דאָס אַ מינ אומאַנ, צי באַרדיטשעוו אונ עפּשער ניט מער ווי אַ בוקי, צי אוכרימאָווע—ווער קאָנ עס וויסנ. אַז ליגנ ליגט עס צענ טויזנט קילאָמעטער פונ דער אַלטער הײמ, אונ מײַסעס דערצײלט מענ וועגנ דעמ אויכ. יעדער וואָס ער וויל אונ ווי ער וויל.

הײַנט גײ ווײס, וואָס דאָס איז אַזוינס בירעבידזשאַנ! אונ דאָכ פאָרנ אַהערצו מענטשנ אַלץ מערער, אונ די וואָס פאָרנ אַהער אַוועק קערנ זיכ שוינ אַלץ זעלטענער אומ צוריק, אונ אַנדערע רופנ נאָכ ארויס אַהערצו זײערע קרובֿימ אונ פרײַנט. איז גײ ווײס...

נאָר אָט איז שוינ טאַקע בירעבידזשאַנ אַלײנ. עפּעס זעענ זיכ שוינ אָפּטער אָנ צעוואָרפענע געבײַדעס. דער צוג נעמט שוינ דאַכט זיכ אויכ גײנ אַביסל לאַנגזאַמער; אָט גײט ער דורכ דעמ סעמאַפאָר, ער שלענגלט זיכ איצט צווישנ צווײ לאַנגע שורעס רויטנפאַרבטע פראַכט־וואַגאָנעס אונ כאָטש מע זעט גאָר קײנ שומ סטאַנציע ניט, גיט דער צוג פּלוצימ אַ קורצנ ציטער אונ שטעלט זיכ מיטאַמאָל אָפּ.

— בירעבידזשאַנ!—מעלדעט איצט רויִק אונ זיכער דער וואַגאָנפירער, אונ ארויסנעמענדיק פונ העגנ־טאַש דאָס פאַרוויקלטע גרינע פענדל גײט ער צומ ארויסגאַנג.

בירעבידזשאַנ! אונ פאַר די אַלע פאַרשוינענ, וואָס האָבנ שוינ אַזוי לאַנג מיט אומגעדולד געוואַרט, מע זאָל אָנרופנ אָט דעמ נאָמענ, גיט דאָכ דאָס וואָרט „בירעבידזשאַנ" אַ קלונג אומגעריכט. צעטומלטע גיבנ זײ זיכ אַלע אַ וואָרפ אײנער איבערנ אַנדערנ מיט די פּעק אונ מיט די זעק צו דער טיר. עס הערנ זיכ צעשראָקענע קולעס פונ פרויענ:

— מוישע! האָסט פארכאפּט די קאָרזינע, מוישע?

— יאנקעלע, שפּרינג ניט, ווארט צו, וועט דיכ דער טאטע אראָפּנעמענ...

— ריווע... ווו ביסטו פארפאלנ געוואָרנ, ריווע...

אינ דער מאטער מאָרגנ־שײַנ זײַנעו די פּענעמער פונ די פּארשוינענ בלוילעכגעל. די ליפּנ שווארצ אונ איבערגעטריקנט. די קוילעס כריפּענדיקע. נאָר די קינדער זײַנענ צעשראָקנ־אופגעלעבט.

אונ אָט איז שוינ דער גאנצער באגאזש ארויסגעלאָדנ אונ צונויפגעוואָרפנ אינ איינ הויפנ. די פּארשוינענ—ארומ אימ. קיינער רירט זיכ דערוויַל פונ אָרט ניט. דער צוג שטייט. פונביידע זײַטנ שטייענ לאנגע שורעס רויטגעפארבטע וואגאָנעס פונ פראכט־צוגנ. מע זאָגט, אז דאָ דארפ ערגעצ נאָענט זײַנ א וואָקזאל, אָבער דערוויַל זעט מענ אימ ניט.

נאָר אָט האָט זיכ דערהערט א פּײַפ פונעמ לאָקאָמאָטיוו. דער 44־טער האָט ווי־דער געגעבנ א ציטער אונ פויל, ווי איבער די קויכעס, זיכ א רודער געטאָנ פונ אָרט, די רעדער האָבנ גענומענ דרייענ זיכ, פריִער פּאמעלעכ, דערנאָכ גיכער, אונ באלד איז דער גאנצער צוג פארשוווּנדנ ערגעצ וויַט, איבערלאָזנדיק נאָכ זיכ בלויז רעדער־טומל, שטויב אונ שווארצנ עסנדיקנ רויכ, פונ וועלכנ מע קאָנ לאנג־לאנג ניסנ.

די פּארשוינענ ארומ די פּעק קוקנ נאָכ לאנג נאָכ דעמ אוועקגייענדיקנ צוג אונ זײַנענ נאָכ פול מיט אומרו־געפיל, ווי זיי וואָלטנ אָפּגעשטאנענ פונ צוג אינמיטנ וועג, געבליבנ פּלוצימ אינדרויסנ—פּאָרט אזוי לאנג געפאָרנ אונ כאָטש אינ ענג־שאפט, אינ היצ אונ אינ שטויב, דאָכ געפילט זיכ ווי באוואָרנט ווי מיט פיר ווענט אונ א דאכ, אונ דאָס פּלוצימ געבליבנ גאָר אינדרויסנ.

נאָר אָט האָט איינער פונ די פּארשוינענ, א יונג—א כוואט זיכ אײַנגעשטעלט, ארונטערגעקראָכנ אונטער א וואגאָנ פונעמ שטייענדיקנ פראכט־צוג אונ אינ עטלעכע מינוט ארומ זיכ אומגעקערט מיט א פריילעכער בסורע:

— טאקע עמעס בירעבידזשאנ—אָט דאָ באלד פונ יענעמ זײַט צוג איז דער וואָקזאל. ניט אזא וואזשנער, אָבער פּאָרט א וואָקזאל מיט א שילד אונ ס'איז דאָרט אָנגעשריבנ אפ ייִדיש „בירעבידזשאנ” אזוי, אז מע קאָנ גיינ.

ווידער דערהערנ זיכ צעשראָקענע שטימענ אונ הייזעריקע אויסגעשרייענ. ווידער כאפּנ זיכ אלע פאר די פּעק. דער יונגערמאנ דער כוואט האָט זיכ אפילע שוינ באוויזנ אריבערצוכאפּנ פונ יענער זײַט וואגאָנ, אָבער גלײַכ גיט זיכ דער וואגאָנ א רודער, נאָכ אימ אלע אנדערע.

די פּארשוינענ גיבנ זיכ דערשראָקנ א שאראכ אפ צוריק. מיט געפּײַפ אונ מיט א קלאפּעריַ פונ רעדער שלענגלט זיכ פאר זיי דער רויטער צוג. בלויז שמאָלע ליכט־פּאסנ צווישנ די וואגאָנעס שווינדלט אינ די אויגנ. דער צוג איז לאנג אונ עס דאכט זיכ, אז ער וועט זיכ קיינמאָל ניט ענדיקנ. אָבער אָט טראָגנ זיכ שוינ דורכ די לעצטע וואגאָנעס, אונ אלע פּארשוינענ דערזעענ מיטאמאָל פאר זיכ דעמ פּעראָנ אונ א קליינינקע וואָקזאל־געבײַדע, אפ וועלכער ס'איז מיט גרויסע אותיעס אָנגעשריבנ „בירעבידזשאנ”.

נאָר אז דער אָנגעקומענער אוילעם מיט די פעק אונ מיט די זעק אונ מיט די קינדער אפ די הענט אונ בא די פאָדעלקעס גייט אריבער די רעלסנ אונ בלייבט שטיינ אפנ פעראָנ, ווייזט זיכ ארויס, אז דאָס איז גראָד דער „אלטער" וואָקזאל, אז דער נייער גרויסער וואָקזאל געפינט זיכ גאָר פונ דער צווייטער זייט, אקעגנ, אונ אז די שטאָט ליגט אויכ פונ יענער זייט, גלייכ פונעם וואָקזאל הייבט זי זיכ טאקע אָנ.

אונ ווידער נעמענ די מאנצבלענ זייערע פעק אונ זעק, אונ פרויענ—די קינדער אפ די הענט, אונ אריבערשפאנענדיק באנייט די רעלסנ לאָזנ זיי זיכ מיט אָפטע אָפשטעלנ אונ לאנגע דערפרעגענישנ אינ איינ ריכטונג—צום איבערוואנדערונגס־הויז פונ „קאָמערד", לויטנ איינציקנ אדרעס, וואָס זיי אלע האָבנ אים.

אָט אזוי הויבט זיכ אָנ א טאָג אינ בירעבידזשאנ.

דער רעדאקטאָר פונ דער בירעבידזשאנער צייטונג האָט ערשט איבערגעלייענט די לעצטע קאָרעקטור פונ דער 4־טער זייט אונ אונטערגעשריבנ זי צום דרוקנ. די ארבעט איז פארענדיקט. ער גיט א קוק אפנ זייגער, וואָס אפ זיינ טיש אונ פארשטייט גאָר ניט—וואָס איז דאָס? זיבנ אזייגער! ער נעמט דעם טעלעפאָנ:

— אלאָ! אלאָ! די פאָטשט? וויפל האַ״ט דער זייגער? וואָס, פונקט זיבנ? אדאנק!

נאָר אז ער שטייט אופ פונ בענקל אונ גייט צו צום פענצטער הערט ער זיכ אופ צו וואונדערנ. יאָ, ס'איז שוינ עמעסער טאָג אונ אנ עסוואָס פארנעפלטער, א טויִקער פרימאָרגנ קוקט ארייַנ דורכנ ברייטנ פענצטער אונ מאכט איבעריק דאָס פלעמל פונעם לאָמפ אפנ טיש. ס'איז טאָג. ווידער האָט ער היינט, הייסט עס, אָפגעארבעט א גאנצע נאכט. נו יאָ, באנאכט, ווענ די ארבעט איז שוינ געווענ קימאט פארענדיקט איז אָנגעקומענ א וויכטיקער מאטעריאל אונ מע האָט געמוזט איבערמאָנטירנ די גאנצע צייטונג אונ נאָכ אָנשרייבנ דערצו א נייעם לייט־ארטיקל. אונ דאָ איז סאבאקל ענג מיט שריפט, אונ דער מאָטאָר שטייט שוינ אויכ א פאָר טאָג, אזוי, אז די מאשינ קומט אויס צו דרייענ מיט דער האנט. וועט היינט ווידער פארשפעטיקנ די צייטונג אונ באלד וועט מענ זיכ שוינ דארפנ ווידער זעצנ צום טיש מאכנ א צייטונג. איז עפשער א פלאנ שוינ גאָר אהיים ניט גיינ אונ טאקע דאָ אינ רעדאקציע זיכ צוליגנ אפנ דיוואנ אונ כאפנ א קורצנ דרימל.

אָבער דער רעדאקטאָר פילט, אז שלאָפנ וועט ער איצט ניט קענענ, צו פיל איז דער קאָפּ אופגערודערט, די נערווּנ אָנגעצויגנ. ניינ, מע מוז פריִער ארויסגיינ אינ דרויסנ, כאָטש א שעפּ טאָנ אביסל פרישע לופט אונ דערנאָכ עפשער וועט מענ שוינ קענענ א שלאָפ טאָנ. אונ צוגעמאכט דעם פענצטער, פארלאָשנ דעם לאָמפּ אונ צוגעשלאָסנ די טיר, גייט ער פאמעלעכ ארויס אפנ גאנעקל אונ לאָזט זיכ גיינ מיטנ שמאָלנ הילצערנעם טראָטואר לענגויס דער גאס.

שא־שטיל איז נאָכ דעמלט אינ גאס, פארטאָגעדיק ליידיק אונ הויל. אונ די גאס איז גאָר ניט קיינ גאס, נאָר עפּעס גאָר ווי א מינ וועג, א צייטווייליקער וועג אפ א בויונג. אונ די בויונג גייט מיטאמאָל אונ פונ פארשיידענע עקנ. דאָ גראָבט מענ נאָכ א פונדאמענט, דאָרטנ שטעלט מענ אופ ווענט, דאָ ציט מענ אופ א דאכ, דאָרטנ שטעלט מענ ארייַנ פענצטער.

אזוי הויבט זיכ אָנ א טאָג אינ בירעבידזשאנ.

איינציקע דורכגייער גייענ נאָכ דערוויַל מיט די בריקלעכ. באַנגעגענענדיק, צעגייט מענ זיכ, מע באַגריסט זיכ אונ מע גייט וויַטער. אָפּטמאָל—פּליט דורכ א גוטמאָרגנ פונ איינ זיַט גאַס אַפ דער צווייטער. די גאַס איז צעגראָבנ אונ כאָטש מע גייט אַפילע ביידע אינ איינ ריכטונג, דאָכ וועלנ זיי זיכ ערשט צונויפגיינ באַם ראָג, וו ס'איז איבערגעוואָרפנ א בריקל.

מע גייט אַפ דער אַרבעט. אונ כאָטש דער רעדאַקטאָר איז ניט קיינ אַלטער טוישעוו דאָ, קענ ער אַסאַכ פונ די, וואָס ער באַגעגנט איצט.

אָט גייט אַפ דער אַרבעט דער קאָלעסניק יאָסל קליינמאַנ, אַנ אַרטעלניק פונ „רעוואָליוציע־ראַד“, ער איז א קליינינקער טאַקע אָט דער יאָסל, א דאַרער, מיט א בלאַס פּאָנים אינ רויטע קרענקלעכע וויִעס. דאָס בלאָנדע בערדל זיַנס נעמט שוינ צוביסלעכוויַז גרוי ווערנ. נאָר אַזוי איז ער נאָכ א גאַנצ פעסטער אָט דער יאָסל. גייט ער איצט אַפ דער אַרבעט צו זיכ אינ אַרטעל אַריַנ. ער איז היַנט ווי אַלע מאָל אַרויס פּאַרפרי, ער האָט ליב, יאָסל, צו קומענ אינ אַרטעל אַריַנ דעמאָלט, ווענ ס'איז נאָכ דאָרט קיינ איינ לעבעדיקער מענטש ניטאָ, אויסער דעם וועכטער. ניט אַזוי אַפ אַריַנצוכאַפּנ אונ אָנאַרבעטנ מערער מיט א פּאָר „כאָדעס“, נאָר גלאַט אַזוי, פונ פאַרבעניגנ ווענ. ער וועט לאַנגזאַם שפּיל דורכגיינ דעם ברייטנ הויפ, וואָס איז פאַרוואַלגערט מיט געלנ שמעקעדיקנ געהילצ אונ מיט גרייטער פּראָדוקציע, דורכגיינ די צעכנ, פאַרקוקנ אינ דער גרויסער נײַער קוזניע מיטנ צענדליק האָרנעס, וואָס ווערנ צעבלאָזנ ניט מיט די הענט, נאָר דורכ מעכאַניזירטע בלאָז־זאַקנ אונ אַזוי גייענדיק, וועט ער זיכ אַלעמאָל א וויש טאָנ די טרערנדיקע אויגנ אונ קלײַבנ נאָכעס פונ דער באַלעבאַטישקייַט, וואָס מע האָט זיכ פאַר די יאָרנ דעראָבערט. אונ אַזוי גייענדיק וועט ער זיכ נאָכאַמאָל דערמאָנענ דאָס 28־טע יאָר, די נאַכט ווענ ער איז געקומענ אַהערצו מיטנ ערשטנ עשאַלאָנ. א גוס רעגנ האָט געליאַפּעט יענע נאַכט. אַרום איז געווענ שוואַרצע פינצטערניש, בלויז א קליינ קאַנעצל האָט געברענט אַפ דער סטאַנציע. די איבערוואַנדערער האָבנ געטיאָפּקעט אינ דער בלאָטע אונ געזוכט דעם „געזערד“. דערנאָכ האָט יאָסל מיט זיַנע קינדער—צוויי זינ זיַנע געקומענ דעמאָלט מיט אים—צוזאַמענ מיט אַנדערע איבערוואַנדערער געגראָבנ קאַנאַוועס, געקאָרטשעוועט וואַלד. מענטשנ זיַנענ אַוועקגעפאָרנ, אַנדערע זיַנענ געקומענ. יאָסל מיט זיַנע זינ זיַנענ געבליבנ. דערנאָכ האָט יאָסל אויפגעגעבנ דעם געדאַנק וועגנ דעם אַרטעל. דאָס איז געווענ טכילעס קימאַט ווי א מישפּאָכע־אַרטעל. ער מיט זיַנע צוויי זינ—קאָלעסניקעס—האָבנ זיכ צונויפגערעדט מיט נאָכ פיר—שמידנ, טאַקע זייערע לאַנדסליַט, אונ האָבנ אָרגאַניזירט אַנ אַרטעל. זיי האָבנ דאַנ אָפּגעדונגענ אינ טיכאָנקע—אַזוי האָט דאַנ געהייסנ בירעבידזשאַנ—א קליינעם היילצערנעם שטאַל, אינסטרומענטנ האָבנ זיי געהאַט אייגענע, אונ זיכ אַוועקגעשטעלט אַרבעטנ. אונ יאָסל האָט געטראָפנ. וואָגנס אונ רעדער, וואָגנס האָט מענ געדאַרפט האָבנ אינ בירעבידזשאַנ וואָס מער, אונ פונ יאָר צו יאָר איז דער אַרטעל געוואַקסנ. פונ 7 מענטשנ זיַנענ זיי געוואָרנ 17 אונ דערנאָכ 70 אונ איצט שוינ מיסטאַמע צוויי מאָל זיבעציק. אונ די פּראָדוקציע איז געוואָרנ נאָכ גרעסער. ווי קאָנ מענ עס גאָר איצט פאַרגליַכנ יענעם היילצערנעם שטאַל מיט דער איצטיקער אַרטעל־געביַידע? ס'פעלט נאָר א קוימענ, עס זאָל זיַנ אַנ עמעסע פאַבריק. גייט זיכ אַזוי

יאָסל קליינמאַנ איבער זײַנ מעלוכע, פינטלט מיט די רויטע אויגנ אונ שמייכלט אינ בלאָנדנ בערדל זײַנעם. אונ ער דערמאָנט זיכ ווידער. מע האָט דאָכ געלאכט פונ אים דעמלט, גוטע פרײַנט האָבנ געלאכט פונ אים. זײַנער אַנ אייגענער שוואָגער—אויכ א קאָוואַל,—איז פונדאַנענ אוועקנעפאָרנ אונ אים פארנ אוועקפאָרנ געזאָגט:

— הערסטו, יאָסל, לאָמיר שוינ בעסער פאָרנ איניינעם אהיים, אליינ פאָרנ וועט דיר זײַנ סקוטשנע.

אונ יאָסל האָט געפינטלט מיט די רויטע אויגנ אונ געזאָגט:

— פאָר, פאָר, וועסט נאָכ קומענ צוריק מיטנ בײַטשל.

איז ווער זשע געווענ גערעכט? איז ער דענ ניט געקומענ, דער שוואָגער זײַנער, צוריק אונ זיכ א צײַט געשעמט קוקנ יאָסלענ אינ פּאָנעם ארײַנ אונ סאָפּקאָל־סאָפּ זיכ געבעטנ, מע זאָל אים צוריק ארײַנעמענ אינ ארטעל ארײַנ.

אונ פארוואָס עפּעס דער איינער שוואָגער זײַנער, וויפל נאָכ פרײַנט אונ קרויווים ער האָט שוינ ארויסגענומענ פאר דער צײַט אהער קיינ ביראָבידזשאַנ? וויי, ווייי מע קאָנ זיי דענ אויסרעכענענ? אוואדע העכער הונדערט מענטשנ. דער יונגסטער זונ זײַנער, לייבל, וואָס וווינט נאָכ מיט אים איניינעם זאָגט:

— טאטע, דו ווייסט, ווענ דו זאָלסט צונויפרופנ אמאָל אפּ א יאָנטעוו די גאנצע מישפּאָכע דײַנע, וואָלט געווענ ניט קיינ מישפּאָכע, נאָר א קאָנפערענצ. מע וואָלט באדארפט אָפּדינגענ דעמ טעאטער, אז אלע זאָלנ ארײַנ. טאַ אזא מישפּאָכע איז דאָס. יאָסל שמייכלט דאנ גוטמוטיק, פינטלט מיט די רויטע אויגנ אונ זאָגט צומ זונ:

— וואָס זשע מיינסטו. מירנ טאקע דארפנ אמאָל מאכנ אזא קאָנפערענצ. נישקאָשע, מע וועט אונדז געבנ דעמ טעאטער אומזיסט. אונדזער מעלוכע שאצט מענטשנ.

איז יאָסל אויכ הײַנט ארויס פונ דער שטוב פארפרי, אונ א ציכטיקער, אנ אויסגעוואשענער זיכ געלאָזט אינ ארטעל ארײַנ צו שעפּנ אביסל נאכעס פונ פאר דער ארבעט. אָבער הײַנט האָט זיכ שוינ פאר אימ עמעצער געפעדערט. ער פילט מיט דער נאָז, אז עמעצער איז שוינ דאָ, כאָטש אינ הויפ זעט מענ קיינעמ ניט. אָבער יאָסלענ וועסטו ניט נארנ. אונ ווירקלעכ, ארײַנגעקומענ אינ קוזניע, האָט ער זיכ אפּ דער טיר אָנגעשלאָגנ מיט אימ, מיטנ שוואָגער טאקע מיט זײַנעמ, שלוימע הוקײַלע. א גרויסער אונ א שווארצער איז שלוימע, אינגאנצנ א קעגנזאצ צו דעמ קליינינקנ אונ דארנ יאָסלענ. הייסט עס, אז שלוימע איז גאָר הײַנט געקומענ נאָכ פריִער. וואָס איז? ער וועט דאָכ ניט אָנהויבנ די ארבעט פריִער פאר אלעמענ—דאָס איז פּאָשעט אומעגלעכ, ווײַל דער בלאָז־זאק בא זײַנ האָרנע ווערט צעבלאָזנ דורכ איינ מאָטאָר באגלײַכ מיט אלע אנדערע, כוצ וואָס ער ארבעט ניט אליינ, נאָר מיט צוויי געהילפנ. אָבער שלוימע האָט זיכ זײַנ כעזשבנ. עס שאדט ניט, האלט שלוימע, אז אויב יאָ שוינ ארבעטנ ווי סטאכאנאָוו, שאדט ניט קיינ מאָל צו קומענ איינ קליינ ביסעלע פריִער פאר דער ארבעט, פּאָשעט א קוק טאָנ באצײַטנס, צי איז אלצ אינ אָרדענונג, צי ליגט אלצ אפנ אָרט אונ ביכלאל האָבנ א שטיקל יישעוו־האדאס. ווײַל דעמלט, ווענ די שטאנגענ ליגנ שוינ אינ פײַער אונ גליִענ, איז שוינ שפּעט עפּעס א טראכט צו טאָנ.

באגעגענענ זיכ אזוי אינ פרימאָרגנדיקנ צעכ ביידע שוואָגערס, אונ זעענ דערבײַ ביידע אויס אזוי ווי זיי וואָלטנ איינער דעמ צווייטנ געוואָלט איבערכיטרעווענ.

— א גוט מאָרגנ, וואָס אזוי פרי?—פרעגט שלוימע.

— א שיינער פרי, ענטפערט יאָסל, ווי איכ זע, האָסטו מיכ נאָכ איבערגעפעדערט.

— „א סראָטשנע זאקאז"—ענטפערט שלוימע.

— „א סראָטשנע" זאָגסטו? וויפל האָסטו באקומענ דעמ לעצטנ האלבנ כוידעש אויסגעצאָלט?

— ניט ווייניקער פונ דיר מיסטאָמע. אונ ניט מערער אויכ.

אָט אזוי חערטלענ זיכ דורכ די צוויי שוואָגערס אונ צעגייענ זיכ. זיי זײַנענ צופרידנ איינער פונעמ צווייטנ. וועגנ דעמ אמאָליקנ סיכסעכ האָבנ שוינ ביידע לאנג פארגעסנ, אָדער זיכ געמאכט פארגעסנ.

ער, יאָסל, דארפ נאָכ א קוק טאָנ איבער די אנדערע צעכנ. אונ זע—ער טרעפט נאָכ איינ מענטשנ, וואָס איז הײַנט געקומענ פאר אימ, דאָס איז מענדל זאק—א נײַער מענטש בא זיי אינ ארטעל. יאָסל ווייסט וועגנ אימ ווייניק. ער ווייסט נאָר, אז ער איז א טשערקאסער, געווענ אלע יאָרנ א פריקאשטשיק אינ א שניטקראָמ אונ עפשער מאקע א שניטקרעמער אליינ אויכ. נו, האָט זיכ דאָס קרעמערײַ אויסגעלאָזט, איז ער געקומענ אהער קיינ בירעבידזשאנ אונ וואָס א יידנ פאלט אײַנ—האָט זיכ אימ פארוואָלט צו ווערנ אפ דער עלטער דאפקע אנ ארבעטער. מאָלט אײַכ, ס'איז אימ ניט גרינג אָנגעקומענ. ניט איינמאָל זיכ די פינגער צעשניטנ ביזנ ביינ, אז זיי זײַנענ פאָרט ניט געוויינט צו קיינ האמער אונ פײַל. נאָר אז א מענטש האָט זיכ אײַנגעשפארט, אונ א קאָפ אפ די פלייצעס האָט ער, כאָטש ער איז געווענ א שניטקרעמער, נו, האָט ער זיכ דערשלאָגנ א קוואליפיקאציע. אונ וואָס מיינט איר—ער „דעקט" אסאכ יונגערע פונ אימ סײַ מיט דער צאָל אונ סײַ מיט דער קוואליטעט. עמעס, ער האָט קרעמערשע שטיקלעכ אָט דער זאק. ער האָט ליב ארײַנכאפנ. דערבײַ שמייכלט ער מיט זײַנע גראָבע ליפנ אונ זאָגט:

— זאָל מײַנס אריבערגיינ.

קומט ער אביסל פריִער, גייט אוועק אביסל שפעטער, מאכט קירצער דעמ ווארעמעס.

— וואָס איז, זאָגט ער, איכ ארבעט כאָלילע פאר יענעמ?

אונ—זאָל בעסער זײַנ א זאפאס, איידער ס'זאָל אויספעלנ איינ שרויפ, ווענ מע וועט זי דארפנ.

— גוט מאָרגנ, מענדל, איר'ט שוינ עפעס אסאכ אָנגעארבעט?...

— ווייסעכ, א קליינינקײַט שמייכלט מענדל מיט די גראָבע ליפנ אונ שטעלט אָפ די ארבעט:

— ער שטרעקט אויס יאָסלענ א האנט אפ א גוטמאָרגנ.

— נאָכאמאָל צעשניטנ אלע פינגער?—באמערקט יאָסל די איבערגעבונדענע פינגער אפ זאקס חאנט.

— ווייסעכ, ביז דער כאסענע...

...אָט אזוי הויבט זיכ אָנ א טאָג אינ בירעבידזשאנ.

און עס גייט אפ דער ארבעט דער עלטסטער מעכאניקער פונ דער זעג־מיל „דעטאל״ כאוועד פינקל. ער גייט גיכ, ניט אומקוקנדיק זיכ און ענטפערט קורצ אפ א באגריסונג פונ אנ אקעגנקומענדיקנ. ניט געקוקט אז זײַנ געוויינלעכנ אָנטאָנ, קאָנ מענ נאָכ איצט מיטנ ערשטנ קוק אפ אימ דערקענענ, אז ער איז אנ אויסלענדער. און ווירקלעכ, פינקל איז געקומענ אהער קיינ בירעבידזשאנ פונ ארגענטינע. סײַ ער, סײַ די פרוי זײַנע זײַנענ קימאט געבוירענע ארגענטינער. זייערע עלטערנ האָבנ נאָכ אמאָל אויסגעוואנדערט פונ רוסלאנד און געוואָרנ „יִקא״־קאָלאָניסטנ, געבוירנ דאָרטנ קינדער און געארבעט אפ דער ערד. די קינדער האָבנ כאסענע געהאט און אויכ געבליבנ קאָלאָניסטנ. נו, האָט מענ אָפּגעהאָרעוועט דאָרט אינ ארגענטינע א פאָר צענדליק יאָר, נאָר די ערד איז געווענ פרעמדע, ארענדירטע, מאשינעס האָט מענ גענעכנ אפ באָרג און אפ אויסצאָלנ, האָט מענ אזוי לאנג געצאָלט און אויסגעצאָלט, ביז אינ איינ שײנעם טאָג האָט מענ בא די פינקלס צוגענומענ סײַ די ערד, סײַ די מאשינעס און מע האָט זיי פונ דער ערד פארטריבנ. איז פינקל מיט דער פאמיליע אוועקגעפאָרנ קיינ בירעבידזשאנ. אזוי ווי ער האָט געהאט פראקטיק פונ ארבעטנ מיט מעכאניזמענ, האָט מענ אימ דאָ געשיקט אינ „דעטאל״ פאר א מעכאניקער. אָבער וואָס איז דעמלט געווענ „דעטאל״? באמ בלאָטיקנ ברעג פונ דער טײַכ בירע איז געשטאנענ א טראקטאָר און האָט געדרייט א צירקוליארקע. דאָס איז געווענ „דעטאל״. ס׳איז געווענ דאָס 32 יאָר. און ס׳איז דאנ געווענ די גרויסע פארפלייצונג. עס האָט געדראָט א געפאר, ס׳זאָל פארשווענקענ דאָס גאנצע צוגעברייטע געהילצ. אזוי, אז מע האָט ניט אזויפיל געארבעט בא דער זעג, ווי מע האָט זיכ געוויקט טאָג און נאכט אינ וואסער און געראטעוועט דאָס געהילצ. דערנאָכ איז געקומענ ווינטער—פינקלס ערשטער בירעבידזשאנער ווינטער מיט די פײַערדיקע פרעסט, און געוווינט האָט ער דאנ מיט דער פאמיליע אינ א הילצערנ שטיבל מיט שפארונעס צווישנ די ברעטער. וויפל מע האָט ניט געהייצט דאָס אייוועלע, האָט מענ דאָס שטיבל ניט געקאָנט אָנווארעמענ. און געארבעט האָט מענ אינדרויסנ- אפילע קיינ דאכ איז ניט געווענ און איינמאָל אינמיטנ דער ארבעט האָט זיכ די מאשינ אָפּגעשטעלט. די האנט אינ הענטשיקע איז אינ מאשינ ניט ארײַנגעקראָכנ, האָט פינקל אויסגעטאָנ די הענטשקע און ארײַנגערוקט די נאקעטע האנט אינעווייניק אינ מאשינ ארײַנ, צו פאריכטנ די צאָנראָד. און דער מעטאל אפנ פראָסט ברענט אזוי ווי פײַער. ווי די האנט רירט זיכ צו צומ מעטאל, לאָזט זי איבער א שטיק לעבעדיקע הויט. אז ער האָט ארויסגעשלעפט די האנט צוריק, איז זי געווענ ווי אינ א רויטער הענטשיקע אָנגעטאָנ—די גאנצע הויט איז געבליבנ אפנ מעטאל. אָבער די זעג האָט אָנגעהויבנ ארבעטנ און ווידער געשניטנ מיט די שארפע צײנ דאָס געלע שמעקנדיקע האָלצ.

אי־צט גייט פינקל אפ דער ארבעט. ער גייט אויכ פארפרי. איצט ארבעט בא אימ ניט איינ צירקוליארקע, נאָר עטלעכע זעג־ראמענ. דארפ מענ זיי א קוק טאָנ פאר דער ארבעט און כוצ דעמ דארפ מענ ארײַנגיינ אינ קאָנטאָר זיכ דערוויסנ, ווי האלט עס מיט געהילצ. נעכטנ, ווענ ער איז אוועקגעגאנגענ, האָט עס געהאלטנ ניט זייער גוט.

— אז 4־5 טעג ארבעט וועסטו נאָכ האָבנ, האָט אימ געזאָגט דער פארוואלטער-

— נו, און ווײַטער?

און ווײַטער איז שלעכט. נאָר ס'דארף אָנקומען מיטן טײַך...

... און נאָך גייט אפ דער ארבעט דער יונגער סטאכאנאָוועץ פון דער מעבלפאבריק „דימיטראָוו"—יאנקל מילנער.

יאנקל מילנער האָט ערשט יענע וואָך גשטעלט א רעקאָרד פון אויסטאָקן פיסלעך פאר שטולן—1000 פיסלעך האָט ער אויסגעטאָקט בא א נאָרמע פון דריטהאלבן הונדערט. אָבער פאר די עטלעכע טעג האָבן אים כעווערע גענומען אָניאָגן, און נעכטן האָט איוואן טשורקין, א רוסישער יאט, וואָס ארבעט מיט אים האנט בא האנט, אויסגעטאָקט ניט נאָר 1000, נאָר נאָך מיט צוואנציק שטיק מערער. האָט יאנקל דערקלערט, אז אויב אזוי, וועט ער נאָך הײַנט געבן 1100. שפאנט איצט מילנער אפ דער ארבעט, שפאנט גיך, צעשפּיליעט דעם קאָלנער פון דער געלער גימנאסטיאָרקע, און דאָס אינדערפריִענדיקע וויגטל שויבערט אים די בלאָנדע האָר אפ זײַן קאָפּ.

יאנקל מילנער איז פול מיט אנטשלאָסנקײַט, זײַן אָרט ניט אָפּטרעטן אָן א שלאכט. ער ווייסט, אז אפ אים קוקן איצט ניט נאָר די קאָמיוגיסטן פון „דימיטראָוו", נאָר אלע 300 ארבעטער און ניט נאָר „דימיטראָוו", נאָר אלע אנדערע אונטערנעמונגען אין שטאָט. ער איז א מאלינער, און די מאלינער, ווייסט מען, זײַנען אקשאָנים. דאָס האָבן זיי דאָך, די מאלינער טאקע, אײַגנטלעך, אוועקגעשטעלט די פאבריק. געקומען אהערצו עטלעכע בענקלמאכער—אין מאלין האָבן זיי ניט געהאט וואָס צו טאָן און, אין בירעבידזשאַן, האָבן זיי געהערט, איז דאָ זייער גוטער יאסען, איבערגענוג. זײַנען זיי געקומען און גענומען אָרגאניזירן דעם ארטעל. האָט זיך פלוצים פארשפרייט א קלאנג, אז יאסען איז דאָ טאקע פאראן, אָבער ער בייגט זיך ניט... נא דיר אזא אומגליק! געפּאָרן צען טויזנט ווערסט, און דער יאסען בויגט זיך גאָר ניט. אָבער די מאלינער זײַנען אקשאָנים. מאלע, וואָס מע רעדט, מע דארף אליין א פּרווט טאָן. האָבן זיי א פּרוּוו געטאָן, און וואָס־זשע, דער קלאנג האָט זיך טאקע אויסגעלאָזט פאר א פוסטן קלאנג, און עפשער אויך א באלעגופישער קלאנג, און דער יאסען האָט זיך געבויגן, אז בעסער דארף מען גאָר ניט. און גאָר אינגיכן איז גאנצ בירעבידזשאַן געזעסן אפ די מאלינער בענקלעך, ד. ה. אפ די בענקלעך פון דער פאבריק „דימיטראָוו", ווײַל אזוי האָבן די מאלינער א נאָמען געגעבן זייער ארטעל.

וועט יאנקל ניט פארשמירן די מארקע, ער וועט ווײַזן ווידעראמאָל ווער זײַנען אזוינס די מאלינער און ווער איז ער יאנקל מילנער.

... און נאָך גייט אפ דער ארבעט, פריילעך אונטערשפּרינגענדיק אפ די הילצערנע בריקלעך, דער מולער און שטוקאטור שײַע גלאנץ. ער גייט הײַנט אפ דער ארבעט דאָס ערשטע מאָל און איז דעריבער שטארק אופגעלייגט. ניט אזוי וואָס ער האָט ביכלאל געקראָגן ארבעט, נאָר וואָס אזא ארבעט! וואָס הייסט, ער וועט ארבעטן אפ דער בויונג פון דער גרעסטער געבײַדע אין בירעבידזשאַן, א פּירשטאָקיקע שטיינערנע געבײַדע, און דערצו נאָך א שול. און דאָס איז ניט קיין קלייניקײַט.

שײַע איז גאָר ניט לאנג געקומען קיין בירעבידזשאַן. טאקע גאָר ניט לאנג—

עפּשער א כוידעש. אליינ איז ער, אויב איר ווילט וויסנ, גאָר א פּוילישער, ד. ה. קומענ קומט ער פונ מאקייעווקע, נאָר די עלטערנ זײַנע שטאמענ פונ פוילנ, אזוי זאָגט שײַע אליינ. אונ א מוליער איז ער אויכ פונ דווירדווירעס. דאָס הייסט, דער ײדע זײַנער איז נאָכ געווענ א מוליער, אונ וועגנ פאָטער איז דאָכ אָפּגערעדט. אונ ער אליינ ארבעט אויכ פונ קליינוויַז אופ, שוינ מיסטאמע א יאָר דרײַסיק, אז ער ארבעט.

ווי זשע קומט ער, שײַע, אהער קיינ בירעבידזשאנ, אז בעסאכאקל איז ער גאָר ניט קיינ גראמאַטנער? זעט איר דאָכ. איינמאָל, נאָכ דאָרטנ, איינ מאקייעווקע, האָט ער געהערט, דער פּראָראב האָט איבערגעלייענט איג גאזעט עפּעס וועגנ דער ײדישער אווטאָנאָמיע. איז דאָס אים שטארק געפעלנ געוואָרנ. דאָס מוז זײַנ עפּעס א מינ ײדישע מעלוכע, האָט ער א טראכט געטאָנ, אר־ווא. טאקע א וואזשנע זאכ. איז ער געקומענ אהיים אונ האָט געזאָגט סאָניענ (דאָס ווײַב זײַנס הייסט סאָניע).

— ווייסטו וואָס, סאָניע, האָט ער איר געזאָגט. לאָמיר פאָרנ קיינ בירעבידזשאנ. דאָרט איז א פאָלנע ײדישע אווטאָנאָמיע.

וואָס איז אזוינס אווטאָנאָמיע האָט סאָניע ניט פארשטאנענ, אָבער איבערפרעגנ האָט זי ניט איבערגעפרעגט, מיסטאמע אז שײַע זאָגט, ווייסט ער, אונ דערווידערט האָט זי אויכ ניט. פארקערט.

— מאכטייסע. ווילסט פאָרנ קיינ בירעבידזשאנ, לאָמיר פאָרנ.

האָט ער זיכ אופגעזעצט, שײַע, הייסט עס, אונ איז צוגעפאָרנ קיינ סטאלינא (בא זיי אינ מאקייעווקע איז ניטאָ קיינ „געזערד“), געקומענ אהינצו, אינעם סטא־לינער „געזערד“, האָט זיי שײַע דערציילט וועגנ זיכ דעם גאנצנ עמעס. אז אָט ער אליינ איז א שטוקאטורער, א מוליער, אז דער טאטע זײַנער איז געווענ א מוליער אונ דער ײדע אפילע, אונ כאָטש ער איז ניט קיינ גראמעטנער, נאָר ער האָט גע־הערט לייענענ אינ גאזעט וועגנ בירעבידזשאנ. איז וואָס דארפ ער זיצנ דאָ אינ דעמ דאָנבאס, אז ער האָט זיכ בעיאַד אויכ צו וווינענ אינ דער ײדישער אווטאָ־נאָמיע.

נו, האָט מענ אים זייער גוט אויסגעהערט אונ מע האָט אים אויסגעפרעגט אונ מע האָט אים געגעבנ א נאריאד אונ א ליטער פאר אים אונ פאר דער פאמיליע אונ נאָכ צוגעווונטשעוועט א גוטנ וועג.

נו, וועגנ דער רײַזע איז דאָכ ניט שײַעכ. גאנצ ראסיי דורכגעפאָרנ, געקומענ קיינ בירעבידזשאנ, ארויסגעקראָכנ פונ וואגאָנ—אהא, ס׳איז דאָכ עפּעס גאָר וואזשנע, אנ עמעסע שטאָט, אונ ווו דו גיסט ניט קיינ קוק בויט מענ. מאכט ער צו סאָ־ניענ:

— נו, וואָס האָב איכ דיר געזאָגט? ס׳איז דאָכ די צווייטע מאָסקווע. וועסט שוינ זענ, ווי איכ וועל זיכ דאָ צעפירנ די הענט.

לאָזט זיכ אָבער אויס, אז ער קומט אינ בוי־קאָנטאָר מיט זײַנ נאריאד, נעמט מענ אים זייער פײַנ אופ, מע וויל אפילע גלײַכ שיקנ אפ ארבעט, נאָר איינ קליי־ניקײַט, קיינ דירע גיט מענ אים ניט.

נאָכ מער, דער יונגערמאנ דאָרט אינ דער קאָנטאָר, א פײַנער יונגערמאנ דאפקע, גיט אים א פרעג:

— נו, כאווער גלאנצ, אונ ווו צו זײַנ האָט איר שוינ?

נאדיר אזא מינ. אז סאכאקל איז ער געקומענ פונ עק וועלט, אזש פונ מאַ־קײעווקע, ווו זשע האָט ער דאָ ווו צו זײַנ. ער האָט אפילע אינ מאַקײעווקע אויכ ניט געהאט קײנ וואזשנע דירע, אזוי זיכ עפעס א שטיקל קעלער. אָבער אינ וועג האָט ער עס דאָכ מיט זיכ ניט מיטגענומענ... אונ ס'איז אים אוואדע א גרויסער פארדראָס אונ א ביזאָיענ פאר סאָניענ, וואָס ער האָט איר אזוי שײנ אויסגעמאָלט דעמ בירעבירזשאנ, אונ דאָ—נאדיר. אָבער וואָס קענ מענ איצט מאכנ? מוז מענ זיכ געבנ אנ אײַצע.

אונ דער יונגערמאנ, דאָרטנ טאקע אינ קאָנטאָר, גיט אימ אנ אײַצע אויכ.

— ווײסט איר וואָס, כאווער גלאנצ, זאָגט אימ יענער—וואָס דארפט איר די שטאָט, איר זײַט א בוכהאלטער צי א כעזשבנפירער? פאָלגט מיכ, פאָרט אוועק קײַנ בירעפעלד. דאָרטנ גיט מענ יעדנ איבערוואנדערער א שטוב אונ א באלעבאטישקײַט צו דער שטוב. אבי קומט אונ ארבעט, פאָרט אהינ. איר וועט קײנ כאראָטע ניט האָבנ.

— בערנפעלד, זאָל זײַנ בערנפעלד...

געקומענ אינ איבערוואנדער־הויז, געזאָגט סאָניענ, דעמ װײַב, הײסט עס:

— ווײסטו וואָס, סאָניע, לאָמיר פאָרנ קײַנ בערנפעלד. דאָרטנ גיט מענ, זאָגט ער איר, יעדנ איבערוואנדערער א שטוב מיט א גאָרטנ, מיט א קו, מיט כאזײרימ, מיט אײנ וואָרט א פאָלנע באלעבאטישקײַט. אבי קומ אונ נעמ.

וואָס זשע זאָגט סאָניע? גאָרניט.—ווילסטו קײַנ בערנפעלד, האָסטו בא מיר גע־פויעלט בערנפעלד. שוינ געפאָרנ אזוי ווײַט, וועלנ מיר פאָרנ נאָכ אביסל.

געקומענ קײַנ בערנפעלד, איז ער אוועק אינ ראט ארײַנ. זיצט דאָרט אויכ א יונגערמאנ, אזוי ווי אינ בירעבידזשאנ. נאָר יענער איז געווענ א שווארצער, אונ דער, פארקערט, א בלאָנדער.

— א גוטמאָרגנ, א גוטיאָר, וואָס וועט איר זאָגנ גוטס!

דערצײלט אימ שײַע אלצ ווי דאָס איז, אז איזנ איז ער דאפקע א מולער, א שטוקאטורער, נאָר אָט—קײנ דירעס איז אינ בירעבידזשאנ ניטאָ, איז ער געקומענ קײַנ בירעפעלד. דאָ, האָט מענ אימ געזאָגט, גיט מענ א דירע מיט א באלעבאטישקײַט מיט אלצ וואָס מע דארפ. אבי קומ אונ ארבעט.

הערט אימ דער בלאָנדער יונגערמאנ גוט אויס, אונ מאכט צו אימ אזוי.

— יאָ, מאכט ער צו אימ, דאָס וואָס איר זײַט געקומענ אהערצו איז דאפקע זײער גוט. מענטשנ דארפנ מיר. אָבער איר זאָגט דאָכ אלײנ, אז איר זײַט א שטו־קאטורער, אונ דאָ אינ בירעפעלד איז טאמע קאָלווירטנ, מע בארבעט ערד, הײסט עס. וואָס זשע וועט איר טאָנ אינ קאָלווירט?

אונ דער יונגערמאנ גיט אימ זײער גענוי צו דערקלערנ, אז פאר זײַנ ארבעט דארפ שײַע בעסיירעש בלײַבנ אינ בירעבידזשאנ. דאָרטנ, זאָגט ער אימ, איז אײַער עמעס אָרט אונ ניט ערגעצ אנדערש. אונ דאָס, וואָס מע גיט אײַכ קײנ דירע ניט, דאָס איז מער ניט ווי ביוראָקראטיזמ אונ מע דארפ זיכ דערמיט „באָרענ".

וואָס זאָל שײַע גלאנצ דערופ זאָגנ? ער זעט בעסיירעש, אז דער יונגערמאנ איז קאָשער גערעכט. אײַ, קײנ דירע איז פאָרט ניטאָ, איז טאקע שלעכט.

נאָר ווי זאָגט דער יונגערמאנ, מע דארפ זיכ „באָרענ“. קײנ זאכ קומט ניט אָנ גרינג. איז ער אוועק צוריק צו סאָניענ אונ געזאָגט:

— ווײסטו וואָס, סאָניע, לאָמיר זיכ אומקערנ צוריק קײַנ בירעבידזשאנ. דאָ איז פאר מיר קײנ אָרט ניט. מיט מײַנ קוואליפיקאציע זיכ באגראָבנ אינ א דאָרפ טאָר מענ ניט, אונ אינ בירעבידזשאנ וועלנ מיר ניט פארפאלנ ווערנ.

אונ אזוי האָט ער טאקע געטאָנ, זיכ אומגעקערט קײַנ בירעבידזשאנ אונ זיכ געשטעלט ארבעטנ, אונ א פריטולעק האָט ער זיכ דערווײַל געפונענ, פּאָשעט אָפּגעדונגענ א קעמערל אוש פונ יענער זײַט סטאנציע טאקע בא אײנעמ א מוליער, וואָס ארבעט בא דער זעלבער שול. ס'איז פארשטײט זיכ נאָכ קײנ דירע ניט, באזונדערס אפ ווינטער, נאָר ער וועט זיכ „באָרענ“, אונ וועט קריגנ א דירע אויכ.

אָבער איצט, אז ער גײט אינעמ בירעבידזשאנער פרימאָרגנ אפ דער ארבעט, מיט דער אײגענער קעלניע אונטערנ אָרעמ, קוקט ער מיט שטאָלצ אפ דער וואקסנדיקער שטאָט אונ האָט דערבײַ אזא געפיל, ווי ער אלײנ וואָלט שוינ האָבנ ארײַנגעלײגט אסאכ אײגענע מי אינ דער בויונג אונ ער שטעלט שוינ אינ קאָפּ צונויפ א בריוו, וואָס ער וועט אָנשרײַבנ (ד. ה. ער וועט עמעצנ בעטנ פאר אימ אָנשרײַבנ) צו זײַנע גוטע פרײַנט אינ מאקײעווקע, וואָס האָבנ אימ געשראָקנ:

— ווּהינ פאָרסטו, האָבנ זײ אימ געזאָגט, דו מעשוגענער, אינ עק וועלט. ס'איז דענ דאָרט דאָ שטיבער? ס'איז דאָרט סאמע בערג אונ בלאָטע.

שטיבער האָט זיכ זײ פארוואָלט. קומט אונ בויט, וועט איר האָבנ שטיבערהאָרעווע, מײדעלע, ווּעסטו האָבנ א קלײדעלע.

אונ ער וועט זײ שוינ דאפקע באשרײַבנ, וואָס פאר א שטוב ער בויט—ניט פאר זיכ, פארשטײט זיכ. ער בויט א שול. אָבער אינ שול וועט זיכ אויכ זײַנ קינד לערנענ, אונ אז דאָס מײדעלע זײַנס וועט דורכגײנ מיט די כאוורטעס איבער דער גאס, וועט זי א ווײַז טאָנ מיט דער האנט אפ דער שול אונ אפ אָלע הײַזער ארומ אונ וועט זאָגנ: אָט דאָס האָט מײַנ טאטע געבויט.

אונ זאָלנ זײ דאָרטנ וויסנ אלע.

אָט אזוי הויבט זיכ אָנ א טאָג אינ בירעבידזשאנ...

אונ עס שנײַדנ שוינ די צײנ פונ די זעג־ראמענ די מעכטיקע צעדער־קלעצער אינ „דעטאל“. אונ געשיקטע הענט בויגנ פלינק דעמ צעפּארעטנ יאסענ אינ דער מעבל־פאבריק „דימיטראָוו“. אונ עס צעשפריצנ אינ אלע זײַטנ פײַערדיקע פונקענ די שווערע האמערס אינ קוזניע פונ דער „רעוואָליוציע־ראָד“, אונ וויגנדיק זיכ אפ שאָקלדיקע געשטעלנ ארבעטנ די מוליערס אונ שטוקאטורנ־טעסליערס אונ סטאָליערס אפ דער בויונג פונ דער שול, פונ קינאָ, פונ דער נײ־פאבריק אונ פונ פיל אנדערע צענדליקער געבײַדעס. אונ גראָבערס, שטײענדיק ביז די קני אינ דער ערד, פארטיפערנ די קאנאליעס בא די זײַטנ פונ דער אָקטיאבער־גאס, צוגרײטנדיק זיכ צו ברוקירונג. אונ עס טראָגנ זיכ מיט רויש אָנגעלאָדענע אונ לײדיקע לאסט־אוטאָמאָבילנ איבער דער פארטיזאנער אונ קאזאקעוויטשער גאסנ. אונ עס קלאפּנ דורכ די אָפענע פענצטער אונ טירנ די מאשינעס פונ די פארשײדענע קלענערע ארטעלנ. אונ ס קלײַבט זיכ שוינ אוילעמ צו די טירנ פונ די קראָמענ, וואָס דארפנ זיכ ערשט עפענענ, אונ עס שטײט שוינ א רײ באמ בריק, ווארטנדיק אפנ אווטאָבוס,

און עס שטייען שוין פערד און אווטאָס בא דער געביַידע פונעם אויספּירקאָם, און די זון האָט שוין אינגאנצן צעטריבן דעם פרימאָרגנדיקן נעפל און א פולע און איינציקע הערשערן פון הימל הייבט זי אָן צו פארכאַפּן אַלץ מער די הערשאפט אויך איבער דעם שעטעכ פון דער שטאָט און פון איר גאנצן ארום.

אָט אזוי הויבט זיך אָן א טאָג אין בירעבידזשאַן.

און אין איבערוואנדער־הויז, וווהין עס זיַינען שוין אונדזערע איבערוואנדערער געקומען מיט זייערע זעק און פעק איז איצט דער רעכטער טומל. פאר די לעצטע טעג האָט זיך דאָ אָנגעקליבן א היפּשע מענגע איבערוואנדערער, און דאָ האלטן אין איין קומען נייַע. איז וווהין זשע זאָל מען זיי אהינטאָן, אז ס׳זיַינען שוין אזוי אויך פארנומען אלע בעטלעך, און אַפּ אייניקע פון זיי, פארהאנגענע מיט ליַילעכער אָדער גלאט רעדנעס, האָבן זיך שוין אפילע באזעצט גאנצע מישפּאָכעס, די טאטעס־מאמעס מיט די קינדער צוזאמען.

גייט ארום דער הויכער ברויגעזער קאָמענדאנט אין פור־כאלאט און הויכע גראָבע שטיוול איבער אלע צימערן און דאָס הוילע גרויסע פּאָנים זיַינס, וואָס גיסט זיך צונויף אָן שום איבערגאנג מיט פונקט אזא הוילן און גלאנציקן שארבן, שוויצט און איז פול מיט צאָרן אַפּ דער אומאָרדענונג און אַפּן שמוץ.

— מענטשן זאָלן ניט פארשטיין, אז דאָס איז ניט קיין האָטעל און ניט קיין צוזאמענוווינונג, נאָר א הויז פאר איבערוואנדערער, ס׳זאָל זיַין ווו צו פארפאָרן פונעם וואָקזאל און איבערנעכטיקן א נאכט—צוויי צוויי. נאָר קוים האָסטו באקומען דעם נאריאד, אין שטאָט צי אויסער דער שטאָט, איז באפריַי דאָס אָרט און פארבעם זיך.

ער איז ביכלאל מיד און ליַידט פון דער היץ און פון די פליגן. און דאָ האָט אים גאָט צוגעשיקט איבערוואנדערער אַפּ זיַין קאָפּ—אן עמעסע אָנשיקעניש.

און דער אוילעם איַילט זיך דאפקע ניט שטארק. אָפּגעפאָרן אזא מאטמען מיט ווערסטן און שוין פאָרן וויַיטער, גלוסט זיך ניט יעדן. ס׳ווילט זיך אביסל קומען צו זיך. זיך ארומקוקן. עפּשער לוינט גאָר ניט דאָס גאנצע געשעפט. און עפּשער קאָן מען טאקע בליַיבן אין שטאָט—פּאָרט היימלעכער. דאָ זעט מען שוין וואָס דאָס איז, און דאָרטן, וויַיטער—ווער ווייסט? און וויַיטער איז דאָך טאקע א מיַיסע מיט דירעס. ארבעט גיט מען דיר, שטעל זיך אפילע גליַיך ארבעטן, אָבער קיין דירע איז ניטאָ. נו, ווו זשע טויג אזא ארבעט, ווי קאָן עס לעבן א מענטש און נאָך מיט א מישפּאָכע אָן א דאך איבערן קאָפּ, אפילע זומער.

און דער פארוואלטער איז שטרענג, ער איז אויך ניט פון אַיַזן, און גיט שוין ניט ארויס קיין טאלאָנעס אַפּ ווארמעס. און לעבן פונעם גרייטן—טאָמער איז אפילע יאָ דאָ אן אייגענע קאָפּיקע אין קעשענע—איז דאָך אויך קיין טאכלעס ניט. און עס גייען אוועק אמפּערנישן.

אָט זיצט שוין באם ברעג טיש דער ברילנדיקער יונגערמאן פון „קאָמערד“. דאָס איז ער דער גאָט פון די איבערוואנדערער. ער רעווידירט עס בא אלעמען די דאָקומענטן, נעמט אָפּ די נאריאדן און גיט ארויס אָנשטאָט זיי „ריכטונגען“, פּאפירלעך אזוינע מיט באשטימונגען אַפּ ארבעט. זיַין וואָרט איז הייליק. און ווי ער זאָגט, אזוי מוז עס זיַין. אָבער עס הויבט זיך גאָר ניט אָן.

אָט קומט א באָכערל מיט טײַנעס, אז דאָרטנ ווּהינ דער „קאָמערד״ האָט אים געשיקט וויל מענ אים אפ ארבעט ניט צונעמענ—דערפאר אָבער האָט ער זיכ אלײנ געפונענ ארבעט אינ אנ אנדער אָרט, זאָל זשע אים דער „קאָמערד״ איבערשרײַבנ די ריכטונג.

— אונ ווּ איז אָנגעוויזנ, אז ד אָ ר ט נ וויל מענ אים ניט צונעמענ?

— ס׳איז אינ ערגעצ ניט אָנגעוויזנ.

— טאָ זאָל מענ אים דאָרטנ אָנשרײַבנ, אז מע נעמט אים ניט, וועט אים דער „קאָמערד״ איבערשרײַבנ די „ריכטונג״.

— וויל מענ דאָרטנ גיט אָנשרײַבנ.

— קאָנ דער קאָמערד ניט ענדערנ די ריכטונג.

— אָבער אז מע וויל אים דאָרטנ פאָרט ניט אָנעמענ...

אונ נאָכאמאָל פונ אָנהייב.

אונ נאָכ א יינגל טײַנעט: נו, יאָ, ס׳איז עמעס, ער איז טאקע אהער געקומענ מיט א מישפּאָכע לויט א קאָלווירטישנ נאריאד. נאָר ערשטנס, וויל ער מיט דער מישפּאָכע ניט לעבנ, ער איז שוינ אלט 16 יאָר אונ וויל לעבנ פאר זיכ, צווייטנס, האָט ער א קוואליפיקאציע אונ מע לייגט אים פאָר ארבעט דאָ אינ שטאָט, אונ פאר־וואָס זשע איז ער א מעכויעוו צו פאָרנ ערגעצ קײַנ אמורזעט אונ די מישפּאָכע סאכאקל וויל גאָר אויכ אהינ ניט פאָרנ...

אונ א פארמורזעט ווײַבל טײַנעט, שטופנדיק די נאקעטע ברוינע ברוסט דעמ פיצל קינד, וואָס אפּ אירע הענט.

— נו שיקט מיכ אָפּ צוריק אהיימ. איכ האָב דענ צו אײַכ טײַנעס... אז איר ווילט מיכ דאָ ניט האלטנ, איז גיט מיר אפּ א בילעט, וועל איכ אוועקפאָרנ צוריק קײַנ בעלאָצערקווע.

אונ דער הויכער קאָמענדאנט, וואָס שטייט נעבנ איר, ווי א וועכטער, ווי מוירע האָבנדיק, אז אָט־אָט וועט זי אימ עפּעס אָפּטאָנ א שפּיצל, דערקלערט דעמ „קאָמ־ערד״.

— ס׳איז די, וואָס כ׳האָב אײַכ שוינ וועגנ איר געזאָגט. אינ דער היימ האָט זי זיכ פארשריבנ פאר אנ אלמאָנע: דער מאנ איז איר, הייסט עס, געשטאָרבנ, וויל זי פאָרנ קײַנ בירעבידזשאנ. נעכטנ אפדערנאכט, איכ גיב א קוק יאָוועט זיכ צו איר עפּעס א מאנצבל—ווער איז עס? דער מאנ... ער קומט דאָ סאכאקל אָפּ צוואנג־ארבעט. נו, האָב איכ אימ נעגעבנ דעמ וועג אונ מיט איר וואָס זאָל איכ טאָנ? איכ קאָנ זי דענ דאָ האלטנ?..

— זע, ווי ער האָט זיכ עס צערעדט... איכ האָב באדארפט וויסנ אינדערהיימ, אז דער מאנ מײַנער איז דאָ. מע האָט געזאָגט, אז ער איז געשטאָרבנ, האָב איכ געמיינט, אז ער איז געשטאָרבנ. אײַ, ער לעבט, איז וואָס-זשע בינ איכ שולדיק? שיקט מיכ אָפּ אהיימ אונ געגוג.

אונ אָט איז א כאָפּטע יונגווארג—צענ באָכערימ אונ איינ מיידל. דאָס זײַנענ פּאָטאָגראפנ. זיי זײַנענ נעכטנ געקומענ פונ לענינגראד. זיי האָבנ דאָרטנ, דערציילנ זיי, פאָרענדיקט ספּעציעלע קורסנ, וואָס דער „געזערד״ האָט אָרגאניזירט אונ איצט זײַנענ זיי געקומענ אהער אפּ ארבעט. די אטעליע, האָט מענ זיי געזאָגט, איז שוינ

פּאַרטיק, און וועגן דירעס האָבן זיי אַפילע קיין איין רעגע ניט איבערגעטראַכט. וואָס שײַעך זיי האָבן זיך געבעטן, צי מע האָט זיי אַליין געשיקט? מאָרגן קומען אָן די אינסטרומענטן און זיי ווילן אַפילע ניט הערן ניט וועגן דעם, מע זאָל זיי צעטיילן, ניט וועגן אַ וואָסער ס'איז אַנדער אַרבעט. פאַרנאָסע האָבן זיי געהאַט אין לענינגראַד אויך, און צימערן—אויך און זיי ווילן אַרבעטן בלויז לויט זייער ספּעציאַליטעט. נאָר איינער, וואָס האָט פריִער געאַרבעט אַלס אַ בוי־טעכניקער, איז שוין באַלד מאַסקים צו פאָרן אין ראַיאָן אַרײַן אַלס אַ טעכניקער, צונויפפּאָרנדיק דערמיט שוין זײַן פּאָטאָ־אַרבעט.

און נאָך אַ יונג ווײַבל טײַנעט זיך גאַנץ דרייסט אויס, אַז זי וועט מיט קיין
6 וואָכעדיק קינד אַף די הענט אינערגעץ ניט גיין. זי קאָן באַשטיין צו בלײַבן דאָ פאַר אַן אופּראַמערן—זי קאָן פּונקט אַזוי גוט אופּראַמען ווי אַן אַנדערע. און קוים האָט זי דער מאַן אַוועקגעוואָרפן, קאָן איר די ראַטנמאַכט ניט לאָזן אַזוי ווי אַפּן וואַסער. און אַזוי האָט מען איר אויך אין ראַט געזאָגט...

און אַז דער מענטש פון „קאָמערד" פרעגט זי, ווער איז דער מאַן אירער געווען, קאָן זי זיך בעשום אויפן ניט דערמאָנען זײַן פאַמיליע. אָבער ניט פאַרלאָרן זיך, לויפט זי צו צו איר בעט, שלעפּט אַרויס פונונטערן קישן עפּעס אַ פּאַפּירל און דערלאַנגט:

— נאַט אײַך מײַן „בראַטשנע־מעטריקע" און לייענט אַליין איבער. ער איז דאָ פאַרשריבן, מיט דער פאַמיליע זײַנער. ער זאָל אַזוי וויסן צו לעבן אַף דער וועלט, ווי איך געדענק זי. אַז איך בין ניט קיין גראַמעטנע...

אָט אַזוי גייט דער טאָג אין בירעבידזשאַן. און די זון היצט און הייבט דאַמפּן פון די פאַרזומפּטיקע פלאַכן, און דער דאַמפּ ווערט אַפּן אָרט טאַקע, דאַכט זיך, פאַרוואַנדלט אין וואָלקנס, וואָס וועלן זיך באַלד צוריק אויסגיסן אַף דער ערד. און עס בײַטן זיך אין דער שפּיל פון זון און וואָלקנס די קאָנטורן פון די אַרומיקע נאָענטע און ווײַטע סאָפּקע־בערגלעך. און די אָנגעקומענע ווײַבלעך זיצן אינדרויסן באַם איבערוואַנדער־הויז אַף די טרעפּ און זויגן זייערע פּיצלעך, און טרײַבן אָפּ די פליגן, וואָס ווילן זיך אַנידערזעצן דאַפּקע אַפּן קינדס נעזל אָדער שטערן. און באַ דערבײַ לויפן אַרום די עלטערע קינדער, כאָטש ערשט געקומענע, ווערן זיי גלײַך היימיש צווישן זיך און היימיש מיט דער שטאָט. און די מאַנצבלען—אין פּידזשאַקלעך און אין מאַנטלען, אין שיך און אין שטיוול, בערדיקע און געגאָלטע שפּאַנען דערווײַל אַרום איבער דער שטאָט, דערפרעגן זיך, דערוויסן זיך, פאַרפירן געשפּרעכן, הערן אויס אַלערליי מײַסעס און אַז זיי קערן זיך אום נאָכן טאָג אין איבערוואַנדער־הויז, זײַנען זיי נאָך מערער צעטומלט ווי אין יענע טעג, ווען זיי האָבן ערשט אָנגעהויבן זיך קלײַבן אין וועג אַרײַן.

— וואָס זשע איז דאָס אַזוינס בירעבידזשאַן?

און אַ יונגער דאָקטער, ערשט מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אַראָפּ פון דער שולבאַנק, איז אויך אָנגעקומען אַהער אַרבעטן צוזאַמען מיט דער פרוי, אויך אַ יונגע ספּעציאַליסטקע. און איצט שטייט ער אין איינעם פון די צימערן פון געזונטויספּירקאָם, קלאַפּט אין טיש און שרײַט אַפּן פאַרוואַלטער פון געזונט־אָפּטייל.

— איך וויל פון גאָרניט וויסן. מע האָט מיר צוגעזאָגט אַ דירע פון צוויי צי־

מערנ, דארפ זײַנ א דירע. אונ די צײַנ זאָלט איר מיר ניט פארריידנ. אונ אז קיינ דירע איז ניטאָ, פאָרנ מיר הײַנט אוועק.

— נו, פאָרט געזונטערהייט.

— א, אזוי! ווארפט איר זיכ מיט ספעציאַליסטנ! טאָ, געדענקט זשע.

אונ דער יונגער ספעציאַליסט גיט א קלאפ מיט דער טיר אונ לויפט האסטיק אראָפ פונ די טרעפ צו דער ווארטנדיקער פרוי.

— קומ, אידע, מיר האָבנ דאָ ניט וואָס צו טאָנ. נאָכ הײַנט וועלנ מיר פונ דאכענ אוועקפאָרנ.

אונ אז אידע וויל אימ ווייכ אײַנריידנ, אז עפשער דארפ מענ זיכ אזוי ניט אײַלנ, אז עפשער וועט זיכ אלצ אײַנאָרדענענ, ווערט דער מאנ נאָכ מערער אופגעבראכט אונ צעשרײַט זיכ:

— האָ! האָסט זיכ שוינ אויכ פארקאָכט אינ בירעבידזשאנ? ניינ, איכ מוז זיי אָנלערנענ. זיי ווילנ בויענ א מעלוכע, טאָ זאָלנ זיי ויסנ, ווי צו באגיינ זיכ מיט יונגע ספעציאַליסטנ. קומ...

אונ דער ארבעטסטאָג אינ בירעבידזשאנ גייט.

אונ די מולערס וואלקעווענ ווענט, אונ די טעסלערס פאסנ צו א בערווענע צו א בערווענע, דורכלייגנדיק זיי מיט קלאָטשע אונ די גראָבערס שיטנ אָנ אלצ העכער אונ העכער די גאס מיט זאמד אונ מיט שטיינדלעכ, צוגרייטנדיק זי צו ברוקירונג, אונ א טראקטאָר שלעפט פונ דער בלאָטע ארויס א פארזונקענעמ לאסטאווטאָמאָביל, אונ אינ דער מעבל־פאבריק לאָדט מענ אָנ אפ מאשינעס א פארענדיקטע באשטעלונג, אונ צו דער ניי־פאבריק האָט אנ אווטאָמאָביל געבראכט פונ דער באנ די אָנגעקומענע אויסשטאטונג, אונ רײַאָנשטשיקעס טראָגנ אָפ באריכטנ פונ זייער ארבעט אינ פארטייקאָמיטעט אונ אינ אויספירקאָמ, אונ אינ באנק גיט מענ ארויס געלט אפ אויסצאָלנ סכירעס אונ אפ באצאָלנ פאר בוי־מאטעריאל.

אונ אינ דער ויסנשאפטלעכער קאָמיסיע באמ אויספירקאָמ שטייענ איבער א קארטע אָנגעבויגנ עטלעכע יונגע געאָלאָגנ, אויסארבעטנדיק דעמ מארשרוט פונ א נײַער וויכטיקער עקספעדיציע.

אונ אינעמ בריטנ צעכ פונעמ ניט־רערבויטנ וועגענער־זאוואָד האָבנ זיכ פארזאמלט די ארבעטער אינ איבערײַס צו באהאנדלענ די קאָנסטיטוציע אונ עס טרעטנ ארויס איינער נאָכנ צווייטנ—א ייִד אונ א רוס, אנ אוקראַינער אונ א פינ, א לעט אונ א כינעזער, א קאָרייער אונ א גאָלד. אונ עס ווײַזט זיכ ארויס, אז דעמ זאוואָד בויענ 13 נאציאָנאליטעטנ. אונ די אלע נאציאָנאליטעטנ בויענ אויכ די ייִדישע אווטאָנאָמע געגנט, ווו זיי אלע האָבנ געפונענ א היימ. אונ זיי אלע, ניט געקוקט אפ זייערע פארשיידענע שפראכנ, פארשטייענ זיי גוט איינער דעמ אנדערנ, ווײַל זייריידנ אפ דער שפראכ פונ ארבעט אונ אלע געהערנ זיי צו איינ גרויסנ פאָטערלאנד, וואָס רופט זיכ אָנ ראטנפארבאנד.

אונ אינדרויסנ אפ די טרעפ פונ די הײַזער זויגנ ווײַבער זייערע קינדער, אונ אנדערע שווענקענ דאָס גרעט אונ פארמישנ צעבערס פאר די כאזיירימ. אונ די עלטערע קינדער שפרינגענ ארומ אפ די אָנגעוואלגערטע ברעטער בא די בויונגענ,

אָדער זיי שווימען אַף זעלבסטגעמאַכטע „פּליטן” איבער די ברייט צעגאָסענע קאַלירזשעס, אָדער זיי לאָזן שווימען שיפלעך. און די ווײַבער ריידן צווישן זיך:

סט'שוין געהערט? אַזאַ „זוועך”, איבערגעלאָזט די מוטער אַף באַנאַכט אינדרויסן. ער וויל זי, זאָגט ער, מער ניט האָדעווען. זאָל זיך, זאָגט ער, די וואָלאַסט זאָרגן פאַר אַלטע לײַט.

האָט זיך שוין דאַפּקע אַ שאָכן דערבאַרעמט, און דאַפּקע אַ רוסישער און זי אַרײַנגענעמען צו זיך אין שטוב אַרײַן נעכטיקן און איז שוין אַליין אינדערפרי אַוועקגעגאַנגען צו דעם מערדער אַף דער אַרבעט... מאָלט אײַך ער וועט שוין האָבן זײַנע ערלעכע אויסקומעניש, פאַרזאָגן קינדס קינדער, אַז אַן אַלטן מענטשן, בפּראַט אַן אייגענע מאַמע, דאַרף מען שאַנעווען.

און אַ זשורנאַליסט אין רעדאַקציע האָט צונויפגעלייגט זײַנע בלעטלעך כראָניק, זיך אופגעהויבן פונעם טיש און זיי איבערגעגעבן דעם סעקרעטאַר.

— און איך זאָג דיר ווי אַ זשורנאַליסט, אַז אַרבעטן דאַרף מען אין בירעבידזשאַן. דאַכט זיך אַ קליינע אָרט, אַ... איז אין קיִעוו פלעג איך אַרומלויפן אַ גאַנצן טאָג מיט אַן אַרויסגעשטעקטן צונג אַף צו פאַקן אַ אינטערעסאַנט שטיקל כראָניק, און דאָ וועט דיר קיין אָרט אין צײַטונג ניט קלעקן, וויפל איך קאָן מאַכן כראָניק...

— נו, און וויזשע באַגייסטו זיך אָנעם ווײַב?—גיט אים יענער אַ פרעג.

— אָט זעסטו, אָנעם ווײַב איז טאַקע שלעכט... פאַר דער גאַנצער צײַט בין איך נאָר אַ פּאָר מאָל געווען אין כאַבאַראָווסק...

און פון כאַבאַראָווסק גייען אויך צוגן קיין בירעבידזשאַן און דורך בירעבידזשאַן. און הײַנט זײַנען פון דאָרטן געקומען אַהערצו צוויי שרײַבער, ווײַטמיזרעכדיקע, אַ פּאָעט און אַ דראַמאַטורג. און אין אַן ענגן צימערל פון רעדאַקציע האָבן זיי געמאַכט אַ באַראַטונג מיט דער היגער גרופּע בירעבידזשאַנער שרײַבער, וואָס איז נאָך דער כאַבאַראָווסקער די שטאַרקסטע אין קאַנט סײַ לויט דער צאָל שרײַבער, סײַ לויט דער קוואַליפיקאַציע זייערע. דער דיכטער, אַ מיטלוווקסיקער נאָר שטאַלטנער רוס מיט ברייט אַנטוויקלטע אַקסל און שטײַפן קערפּער האָט אַ שאַר געסאָן מיט דער האַנט אַרוף די ווייכע האָר און מיט אַ ברוסטיקער באַס־שטים פון אַ מענטשן, וואָס ווייסט אויך זײַנע אייגענע ווערדע גענומען דערציילן געניו וועגן דער אַרבעט פונעם שרײַבער־פאַריין אין כאַבאַראָווסק, וועגן דעם זשורנאַל, וואָס דער פאַריין גיט דאָרטן אַרויס און וואָס ער איז טאַקע דער סעקרעטאַר זײַנער. בעקיצער, אָבער אויך גענוג בוילעט אויסגעמאָלט אַ בילד פון דער אַלגעמיינער ליטעראַטור־באַוועגונג אַפן ווײַטן מיזרעך, דערבײַ האָט ער געגעבן קורצע כאַראַקטעריסטיקעס דער מערהײַט ווײַטמיזרעכדיקע שרײַבער. דער צווייטער, אַ דראַמאַטורג—אַ ייִדישער יונגערמאַן מיט גרויסע שוואַרצע ברעמען, אין ברילן, האָט צוגעגעבן פון זײַן זײַט אויך אַביסל אינפאָרמאַציע באַזונדערס פון וולאַדיוואָסטאָק. ער, דער דראַמאַטורג איז שוין דאָ אין בירעבידזשאַן ניט דאָס ערשטע מאָל, ער איז שוין געווען אַמאָל אין געגנט, עמעס, ניט אַלס שרײַבער, נאָר אַלס טוער פון דאַל־לעס (ווײַטמיזרעכדיקע וואַלד־פאַרוואַלטונג), איצט האָט ער אָנגעשריבן אַ פּיעסע וועגן בירעבידזשאַן, איז ער געקומען זי דורכלייענען דאָ, אויסהערן אַ כאַווערשע מיי־

נונג, ווידעראמאָל א קוק טאָנ בירעבידזשאנ אונ נעמענ זיכ ענדגילטיק פארענדיקנ די זאכ. ווען, הייסט עס, נאָכ הײַנט פאָרקומענ א לעזונג פונ דער פיעסע, אונ איצט—דארפ מענ גייג אינ אויספירקאָם, ווו דער פארטרעטער פונ פאָרזיצער וועט אופנעמענ די שרײַבער.

אונ אָט זײַנענ שוינ די שרײַבער אינ אויספירקאָם אונ עס קומט ארויס אנטקעגנ פונ זײַנ קאבינעט דער געפאקטער אויספירקאָמעוועצ, וואָס איז אליינ אויכ ערשט ניט לאנג געקומענ אהערצו אפ ארבעט אונ וואָס סטארעט זיכ צו ריידנ דאפקע אפ יידיש, כאָטש ער רופט דערבײַ ארויס ניט איינ מאָל א לוסטיקנ שמייכל בא זײַנע קאָלעגנ אונ מיטארבעטער, איצט מוז ער אָבער זײַנע יידיש־קענטענישנ באהאלטנ פאָשעט דערפאר, וואָס דער רוסישער דיכטער פארשטייט טאקע ניט קיינ יידיש. אנטשולדיקט עו׳ זיכ ווידעראמאָל (ער האָט געהאט אָנגעהויבנ אפ יידיש) אונ לאדט איינ די שרײַבער צו זיכ אינ קאבינעט, באזעצט זיי באמ טיש אונ נעמט גלײַכ דערציילנ מיט באגײַסטערונג וועגנ דער געגנט אונ וועגנ זיכ; אונ באגײַסטערט איז ער טאקע אפאָנימ פונ ביידע זאכנ—אי פונ דער געגנט, אי פונ זיכ. פאר דער קורצער צײַט, וואָס ער איז דאָ, איז ער שוינ אויסגעפאָרנ, דערציילט ער, די גאנצע געגנט, אינ אווטאָמאָביל אונ אפ א פור, אונ אויב איר ווילט, איז רײַטנדיק אויכ. אונ וואָס זאָל ער זאָגנ, אז מע האָט אימ פאָרגעלייגט פאָרנ קײַנ בירעבידזשאנ אפ ארבעט, איז עס פאר אימ געווענ אומדערווארט אונ דעמ עמעס גערעדט, ניט גאָר קיינ אײַנגענעמע נײַס, אָבער צוליב דעמ זעלבנ עמעס דארפ געזאָגט ווערנ, אז אימ טוט נימ באנק, פארקערט—ער איז א פאטריאָט פונ דער יידישער אווטאָנאָמער געגנט, אונ יעדער איינער מוז דאָ ווערנ א פאטריאָט, לויט זײַנ מיינונג. אונ ער דערציילט וועגנ דעמ דראנג קײַנ בירעבידזשאנ פונ דער יידישער ארבעטער־אינטעליגענצ, וועגנ דעמ וויאזוי א גרופע יידישע טוריסטנ פונ אויסלאנד -האָבנ זיכ דערשלאָגנ דאָס רעכט צו בלײַבנ אפ ארבעט אינ געגנט. דערציילט, וויאזוי עס טרעפט, ער קומט אינ א קאָלווירט, באפאלט מענ אימ גלײַכ פונ אלע זײַטנ מיט טײַנעס אונ מיט געוואלדנ: „פארשאָלטנ זאָל ווערנ דער טאָג, ווענ מיר זײַנענ געקומענ אינ דעמ בירעבידזשאנ״. אונ דערנאָכדעמ, נאָכ דער פארזאמלונג, פירט אימ דער־יענער פונ די שרײַער אָפ אינ א זײַט אונ צעפרעגט זיכ בא אימ לאנג אונ גענוי, צי מע קאָנ אונ ווי ארומ אויסשרײַבנ אהערצו די אייגענע פונ טאלנע, צי פונ אָכרימאָווע, צי פונ אנ אנדער שטעטל. אונ אז ער פאָרט אוועק פונ דאָרטנ ליגנ געווינלעכ בא אימ אינ קעשענע א 5־4 אזעלכע מעלדונגענ.

ער דערציילט אויכ וועגנ די בוי־פלענער, וועגנ דער איבערוואנדערונג—נאָר מענטשנ דארפ מענ, אסאכ מענטשנ דארפ מענ. ערד איז דאָ אסאכ. אונ גוטע ערד. די געגנט איז גרויס אונ איז רײַכ. אונ עס גייט איצט נאָכ א רייד וועגנ אויסטיילנ פאר איר א נײַעמ גרויסנ ראיאָנ פונ צאָפנזײַט. אָבער מענטשנ פעלנ. אונ אז ס׳זאָלנ קומענ מענטשנ, דארפ מענ פאר זיי אויסבויענ הײַזער. אונ אפ אויסבויענ הײַזער, דארפ מענ ווידער האָבנ מענטשנ.

הײַנט פארשטייט איר שוינ, וואָס דאָס איז אזוינס בירעבירזשאנ.

ס׳איז נאָכ האלבנ טאָג, די ארבעט אינ די אנשטאלטנ האָט זיכ פארענדיקט. ווידער זײַנענ באלעבט געוואָרנ די שמאָלע בריקלעכ בא די זײַטנ גאס. ס׳האָט שוינ

פארנ טאָג באוויזנ א שפריצ טאָנ א פאָר מאָל דער רעגנ און די נאָענטע סאָפּקע איז נאָכ איצטער אויכ פאַרדעקט מיט א טונקל־גרויענ מאנטל—א סימענ, אז ס׳קאָנ היינט נאָכ גיינ א רעגנ. אינ דרויסנ איז הייס און די בריקלעכ טריקענע אויס גלייכ, ווי ס׳הערט אופ צו גיסנ.

און ווידער—באגעגענישנ, אויסמיידעניש, קורצע באגריסונגענ און קורצע שמועסנ.

— זאָלסט אומבאדינגט קומענ, 7 אזייגער איז א ביוראָ.

— נו, איינגעאָרדנט זיכ?.. אויסגעצייכנט.

— ווענ קומט איר צופאָרנ?—היינט!—וואָס איז?—א ליאָלקע־טעאטער אָרגאַניזירנ.

— היינט איז דאָכ א פארטיי־טאָג...

— מאָסיע, דו?—איכ!—פונ וואנענ?—פונ כיבינאָגאָרסק!—און פייסי?—אויכ דאָ.—און דער טאטע מיט דער מאמענ?—קומענ אינגיכנ צופאָרנ.—און פאניע?—זי ענדיקט אינגיכנ אפ דאָקטער, וועט זי אויכ קומענ...

און אינ גרויסנ נייעמ רעסטאָראנ, וואָס לעבנ דעמ טעאטער זיינענ שוינ פארנומענ אלע טישלעכ. און ווו נעמט זיכ עס גאָר אזא גרויסער עולעמ? און די אָפּיציאנטקעס אינ ווייסע פארטעכער און מיט ווייסע טשיפּיקלעכ אפ די קעפ לויפנ צווישנ די טישלעכ מיט פולע טאצנ אָנגעשטעלט מיט דאמפנדיקע מייכאָלימ. און עס פויקנ די קאָרקעס פונ די פלעשלעכ באָרזשאָמ און קליוקווע־וואסער. און ליבהאָבער פונ יִדישע מייכאָלימ בעטנ א היימישנ ראָסלפלייש און אנדערע דערפרעגנ זיכ בא די דערלאנגערנס:—וואָס איז היינט מיט קארטאָפל?—קאָטליעטנ?—נו, דערלאנג אויב אזוי קאָטליעטנ.

און בא א טישל אינ א ווינקל האָבנ זיכ צערעדט דריי פרויענ. אומבאקאנטע, קענענ זיי דאָכ איינע די צווייטע און האָבנ אלע דריי געמיינזאמע אינטערעסנ. זיי זיינענ אלע דריי אויסלענדישע. אלע דריי פונ פארשיידענע לענדער. איינע פונ פוילנ, די צווייטע פונ דער ליטע און די דריטע—פונ לעטלאנד. אלע זיינענ זיי דאָ, ווייזט אויס, נאָכ ניט לאנג, אָבער אלע דריי ארבעטנ שוינ און וועגנ דער ארבעט הויבט זיכ טאקע אָנ דער שמועס.

און גלייכ גייט אוועק א געשפּרעכ וועגנ דאָרטנ און דאָ. פריִער דערציילט יעדע מיט וואָסערע כיטרעקעס זיי האָבנ אָפּגענארט די אייגענע און אוועקגעפאָרנ אינ סאָוועטנפארבאנד. וואָס־זשע, אָט אזוי לאָזט מענ אָפּ א טאָכטער פונ דער היימ? דערנאָכ רעדט מענ, וועגנ דעמ, וויאזוי די היימישע ווארטנ דאָרט מיט אומגעדולד ס׳זאָלנ קומענ די געזעגד־פאָרשטייער צו ווערבירנ איבערוואנדערער קיינ בירעבידזשאנ. דערנאָכ צערעדט מענ זיכ וועגנ סאָוועטישער בירגערשאפט. אלע דריי האָבנ שוינ דערלאנגט זייערע פאפירנ אינ די געהעריקע אנשטאלטנ און איינע דערפרעגט זיכ בא דער צווייטער, ווי האלט עס בא יענער, און וויפל גדויערט עס געוויינלעכ, און צי וועלנ זיי דערנאָכ אליינ קאָנענ ארויסנעמענ אהער זייערע קרויווימ. מע רעדט אויכ וועגנ דירעס, ווי יעדע האָט זיכ איינגעאָרדנט. דערציילט איינע, אז בא איר אינ צימער איז בעשאס א רעגנ מאמעש ווי אינדרויסנ. זי פאָרט אלעמאָל איבער מיטנ בעט אינ אנ אנדער ווינקל. אלע לאכנ דערביי זייער פריילעכ, באזונדערס

הילכיק לאכט די ייִנגסטע א שווארצ־כענעווריק מיידל מיט א ווײַם פּאָנעם, וואָס איז, ווײַזט אויס, אויך געקומען אהערצו ערשט ניט לאנג. דער געלעכטער אירער אנטפּלעקט אפּאָנים באזונדערס שארפ איר יוגנט, און די פרוי מיט די רויטע האָר גיט זי פּלוצים א פרעג.

— אנטשולדיקט מיר, וויפל זײַט איר אלט.

— אכצן יאָר.

— און איר זײַט דאָ אליין?

און באקומענדיק דעם ענטפער אז אליין, גיט זי פּלוצים א פרעג:

— וויאזוי זשע האָט איר ניט מוירע געהאט צו פאָרן אײגע אליין אזא ווײַטן מעהאלעך און נאָך אין א פרעמד לאנד?

און גלײַך דערפילט, אז זי האָט ערשט געזאָגט עפעס גאָר אן אומגעלומפּערטע זאך, ווערט זי אינגאנצן פארגאָסן מיט רויטקײַט, דערבײַ ווערט בא איר דאָס פּאָנים נאָך רויטער פון אירע האָר, און זי פרוווט זיך פארענטפערן.

— אך, אפּ זיך באמערקט מען גאָרניט. איך בין דאָך אויך אײנע אליין געקומען אין ראטנפארבאנד.

און די יונגע, די שווארצינקע, וואָס צו איר איז געווען געווענדעט די ערשטע פראגע, כאפּט אונטער דער רויטערס לעצט וואָרט און אונטערשטרײַכנדיק עס, פארוואנדלט זי עס אין אן ענטפער אפּ דער געשטעלטער פראגע.

— ס'איז דאָך ראטנפארבאנד!

און די צווייטע כאפּט אונטער:

— טאקע אן עמעס, ווען מען זאָל מיר פאָרלייגן צו פאָרן אײנע אליין קיין אמעריקע, וואָלט איך זיך קײנמאָל ניט אײַנגעשטעלט, מע זאָל מיר אפילע א גאנצע שטוב מיט גאָלד אָנשיטן, אפּן וואָרט, איך וואָלט ניט געפאָרן. און אין ראטנפארבאנד איז עפּעס אנדערש. דאָ איז אן אנדער לופט.

און די רויטע, די שולדיקע אינעם געשפרעך, שליסט אים טאקע אליין מיט א לאנג באטראכטן אויספיר:

— דאָ איז גאָר אן אנדער לאנד. דאָ פילסטו זיך ווי בא דער מאמען אונטערן פליגל. ס'איז ניט אומזיסט ראטנמאכט.

די פרויען האָבן דערווײַל אָפּגעגעסן דעם וואַרעמעס, זיך צעצאָלט און ערשט פריִער מיט א פערטל שאָ לאכלוטן אומבאקאנטע, דערפילן זיי זיך איצט גוואלדיק היימיש, מאמעש ווי שוועסטער, און אז זיי געזעגענען זיך באם ארויסגאנג פונעם רעסטאָראן, ווייסט שוין יעדע ווו די אנדערע וווינען און מע שאָקלט צו אײנע דעם צווייטנס פרײַנטלעך מיטן קאָפּ.

— קומט אומבאדינגט ארײַן. אומבאדינגט!..

און אין אן אנדער ווינקל פון רעסטאָראן, אונטערן געבראזג פון די טעלער און לעפל, און געקלאנג פונעם אָרקעסטער, גייט אן אנדער געשפרעך, צום געוועזענעם איבערוואנדערער פון אמעריקע איצט דירעקטער פון א היגער אונטערנעמונג, כאַווער בערג, האָט זיך צוגעזעצט א יונגער בירעבידזשאנער שרײַבער. דער שרײַבער האָט זיך הײַנט ערשט אומגעקערט פון א קורצער נעסיִע איבער דער געגנט. ס'הייסט, דער שרײַבער קאָן שוין די געגנט אויסגעבונדן: פאר די עטלעכע יאָר, וואָס ער

ווינט דאָ האָט ער שוין איבער אירע שעטעכן פיל קילאָמעטער דורכגעמאַכט. גע־פלויגן אף אן אעראָפּלאַן, געפאָרן אף מאַשינעס, אף פורן, אף פערד און דעריקער געשפּאַנט צופוס. אָבער אַזאַ טעווע האָט שוין די געגנט, אַזוי האַלט דער שרײַבער, אַז עס גלוסט זיך זי זען נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, אַרײַנדרינגען אין אירע טיפע־נישן און געדיכטענישן, אַליין אַרופקריכן אף יעדער בערגל, איבערטאַפּן יעדער שטיין אפן וועג, זיך אונטערטוקן אין יעדן טײַכל, טרינקען פון אַלע קוואַלן, קענען יעדן מענטשן, וואָס ווינט אף אירע שעטעכן. דאָס מאָל איז דער שרײַבער אַרויס־געפאָרן אין וואַלד אַרײַן — זען די וואַלד־פאַרגרייטונגען. די רײַזע איז געווען א שווערע און אן אויסמאַטערנדיקע. ער מיט זײַן מיטפאָרער זײַנען געקראָכן עטלעכע ווערסט איבער זומפּיקער טײַגע, אין כאָטש זיי זײַנען אַרויסגעפאָרן רײַטנדיק, האָבן זיי געמוזט אַראָפּקריכן און שלעפּן די פערד אף זיך, ווײַלע די פערד זײַנען געזונ־קען אין דער בלאָטע. געגעכטיקט האָט מען אין אָפענעם פעלד, אפן זומפּ טאַקע, און וויפל מע האָט ניט אָנגעריסן קיין היי אף אויסבעטן זיך, איז דאָס היי געזונ־קען און מע איז ווידער געלעגן אין וואַסער. אַהיים איז דער שרײַבער געקומען א מידער, אן אויסגעמאָגערטער, מיט צעשניטענע פיס, אָבער געוואַלדיק צופרידן. די רײַזע האָט ער געהאַלטן, האָט אים זייער אַסאַך געגעבן, יעדנפאַלס, וויפל מע זאָל ניט פאָרן איבער דער געגנט אף א מאַשין אָדער מיטן צוג, וועט מען ניט קריגן דאָס, וואָס מע קאָן געניסן פון איין וואָך שפּאַנען צופוס איבער דער געגנט. סאַראַ פּראַכט און סאַראַ שיינקײַט. אָבער צוגעזעצט זיך צו בערגן האָט ער ניט אף צו דערציילן וועגן זײַנע רײַזע־אײַנדרוקן. מיטן דירעקטאָר האָט ער זיך איצט געוואָלט צונויפריידן גאָר וועגן עפּעס אַנדערש. ער האָט געוואָלט יענער זאָל אים באַשטימען א צײַט ווען צו קומען אף פאַרזעצן די אַרבעט. און דער אַלעמאָל אַזאַ פריילעכער און גאַסטפריינטלעכער דירעקטאָר איז דאָס מאָל געווען שטאַרק כמורנע און ניט באַרעדעוודיק. און ער האָט זיך געבעטן.

— נאָר ניט איצט... נאָר ניט איצט:

און דער שרײַבער האָט אײַנגעטײַנעט:

— וואָס פאַר א שײַכעס האָט איינס מיטן צווייטן? אַז בא אײַך אפן זאַוואָד איז א דורכרײַס, קאָנען מיר ניט אַרבעטן ווײַטער?

און בערגן האָט זיך אַלץ געוועהרט:

— וואָס האָט איר קיין צײַט גיט? איר האָט ניט קיין אַנדערע געשעפטן?

און דער שרײַבער האָט ווידער גערעדט זײַנס:

— איר פאַרשטייט, האָט ער אים דערקלערט, מיר האַלטן דאָך שוין קימאַט באַם סאָף, מע דאַרף די זאַך אָפּגעבן אין זשורנאַל אַרײַן... איז פּאַשעט א שאָד.

דער יונגער שרײַבער האָט געזאַמלט מאַטעריאַל פאַרן בירעבידזשאַנער זשורנאַל און דער מענטש, וואָס איז געזעסן מיט אים באַם טיש איז געווען ניט נאָר א שטיק לעבעדיקע געשיכטע פון בירעבידזשאַן, נאָר דעריקער א ציקאַווע און א באַלערעוודיקע געשיכטע. דאָס איז געווען א מענטש, וואָס האָט דורכגעמאַכט פריִער אין אַמעריקע א וועג פון א גוט באַצאָלטן אַרבעטער ביז אן אַרבעטסלאָזן לומפּ, וואָס לעבט פון צדאָקע און דערנאָך — דאָ אין בירעבידזשאַן — ביז א פּאַרטייער, א דירעקטאָר פון אן אונטערנעמונג, א הויכ באַוווסטזיניקן בויער פון דעם סאָציאַליסטישן בירעבי־

דזשאנ. דערבײַ האָט דער מענטש אזוי פארביק אונ מיט אזויפיל פײַנעמ הומאָר דערציילט וועגנ זיכ, אז די בלעטלעכ, וואָס דער יונגער שרײַבער האָט וועגנ אימ אָנגעשריבנ, האָבנ בעפיירעש געקאָנט באצירנ דעמ בעסטנ זשורנאל. נאָר דאָ האָט געטראָפנ אנ איבערשלאָג. די ארבעט פונעמ זאוואָד איז לעצטנס געגאנגענ שלעכט, די פלענער זײַנענ ניט אויסגעפילט געוואָרנ, עס האָט זיכ געשאפנ א גרויסער דורכ־רײַס אונ דער מענטש איז מיטאמאָל ווי שטומ געוואָרנ.

ער קאָנ ניט ריידנ וועגנ זיכ, ווענ בא אימ איז צאָרעס אפנ זאוואָד. אונ ביק־לאל, וואָס פאר א ווערט האָט די גאנצע זאכ, אז דער סאָפ איז קיינ סאָפ ניט. זאָל דער שרײַבער צוווארטנ, ער וועט בײַקומענ דעמ דורכרײַס, דעמלט—ביטע. מיט אלע קאָוועדנ. ער וועט דערציילנ אלצ, וואָס מע וועט פונ אימ פארלאנגענ.

אונ אזוי האָט טאקע געמוזט בלײַבנ. דעמ שרײַבער האָט געמוזט ווילנדיק-ניט־ווילנדיק אײַנגיינ—די ארבעט דארפ מענ דערווײַל אָפלייגנ.

— נאָר געדענקט, כאווער בערג, אז אָנ אײַער מאטעריאל קאָנענ מיר דעמ נומער ניט ארויסלאָזנ...

... אונ נאָכ א געשפרעכ שוינ אינ פאריקמאכערסקע. עס רעדט דער עלטסטער מײַסטער אונ א יונגערמאנ אינ א יונגשטורמ-קאָסטיומ.

עלטסטער מײַסטער: דיכ ארט אפאָנעמ ניט, וואָס איכ וועל דארפנ אינגאנצנ פארמאכנ די פאריקמאכערסקע.

יונגשטורמ: ווער הייסט דיר פארמאכנ?

ע. מ.: וואָס הייסט, ווער הייסט מיר? אז איכ'ל בלײַבנ אָנ מענטשנ, וועל איכ מוזנ פארמאכנ.

י. ש.: ווער נעמט בא דיר צו דײַנע מענטשנ?

ע. מ.: וואָס הייסט, ווער נעמט צו? גאָט נעמט זיי צו... דו רײַסט זיי דאָכ אָפ פונ דער ארבעט מיט דײַנע שטיק.

י. ש. (באליידיקט): וואָס הייסט מײַנע שטיק? פיזקולטור איז „פאָ טואָיעמו" שטיק?

ע. מ.: פיזקולטור אהער, פיזקולטור אהינ, דאָס איז אנ ארבעט פאר קליינע ייִנג־לעכ, אז איכ האָב א פלאנ... אונ אז מײַנע מײַסטערס וועלנ לויפנ אונ שפרינגענ אינ טרוסיקעס, וועט א גאנצע שטאָט ארומגיינ ניט געגאָלט אונ ניט געשוירנ. א שיינ פאָנעמ וועט דאָס האָבנ!

י. ש.: גייט רעדט מיט אנ אומבאוווסטזיניקנ מענטשנ!

ע. מ.: דער גאנצער באוווסטזײַנ איז ארײַנ צו דיר... אינ די פיס.

י. ש. —פע, מעגסטו זיכ כאָטש שעמענ, עס זיצנ מענטשנ. איכ פאטער גאנצע טעג אפ טרענירנ די קאָמאנדע צו דער קאנט-אלימפיאדע אונ ער רעדט נאָכ. שיינ וועט זײַנ, אז די ייִדישע געגנט וועט זיכ ארײַנזעצנ אינ קאלאָש... מיר דאכט, דו דארפסט זיכ גרויסנ דערמיט, וואָס דײַנע מײַסטערס, וועלנ פארטיידיקנ די ערע פונ דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט אינ כאבאראָווסק.

ע. מ.: —יאָ, איכ בינ זייער גרויס דערמיט, אָבער ווער וועט דאָ שערנ?

י. ש.: — גיי, איכ קאָנ מיט דיר ניט ריידנ, אז דו פארשטייסט ניט פונ דאנענ אהינ...

אונ פארנאכט האָט דער געקומענער דראמאטורג געלייענט אינ טעאטער זײַנ

פּיעסע וועגן בירעבידזשאַן, געלייענט לאַנג, די פּיעסע איז געווען א גרויסע—דער
אווטאָר האָט דערביַי געשפּילט יעדע געשטאַלט באַזונדער, געזונגען א ייִדישן
ניגון, אָדער א פּאַרטיזאַניש לידל אָפּהענגיק פונעם טעקסט. און דערציילט האָט זיך
אין דער פּיעסע וועגן א שוויכעטס א זון, ארטור (?) וואָס האָט א וויַיב א קאָמו־
ניסטקע און בעשאַס בירגער־קריג גייט זי אוועק אפן פראָנט (א שוואַנגערע) און
ער אנטלויפט קיין אַמעריקע. און אין 15 יאָר ארום קומט ער צופאָרן קיין בי־
רעבידזשאַן אלס אמעריקאַנער אינזשענער און דאָ ארבעט די פרוי—אלס דירעקטאָר
פונעם טעאַטער און דאָ געפינט זיך אויך זיַין פאָטער און זיַין קינד, וואָס זי האָט
געבוירן און ביקלאַל אלע אָנטיילנעמער פונעם בירגערקריג בא זיי אין שטעטל. און
דער ארטור וויל צונעמען די פרוי מיטן קינד קיַין אַמעריקע, ווו ער איז גוט איַינ־
געאָרדנט און האָט א פיַינע סומע אין באַנק. אָבער זי פאָרט, פארשטייט זיך ניט.
דערוויַיל ווערט ארטור אליין אלץ מער פאַרינטערעסירט אין דער בויונג פון בירע־
בידזשאַן, פאלט איין מאָל שיר ניט א קאָרבן פון אן אויסלענדישן דיווערסאַנט (אויך
אן אנטלאָפענער פונעם בירגער־קריג—שנייער) און ווען ער דערשפּירט די ליבע
צו אים אלס אָרנטלעכן אינזשענער, דערצו נאָך א געליטענעם פון א פיַינטלעכן אקט,
פארבליַיבט ער אין בירעבידזשאַן.

דער היפּשער אוילעם קולטור־טוער און אקטיאָרן און סטאַם צוהערער האָבן
געדולדיק אויסגעהערט די פּיעסע ביזן סאָף און דערנאָך פונקט אזוי גרינטלעך צע־
קריטיקירט זי. דערביַי האָט מען ניט פארגעסן אָנוויַיזן, אז דער אווטאָר קאָן אפּאָ־
נים די סצענע, און אז איינציקע מאָמענטן אין דער פּיעסע זיַינען ניט שלעכט גע־
מאַכט. די פּאָדערונגען אָבער איז געווען: בירעבידזשאַן וויל האָבן רעאַלע געשטאַלטן
מיט רעאַלע געשעענישן און ניט קיין „מאָראַלישע" שטיק, וויַיזן די בויונג פון
בירעבידזשאַן דאָס איז איצט דער איקער. און מאַטעריִאַל דערוף איז דאָ איבער־
גענוג. און די אויסגעטראַכטע „ארטורן" דאַרף מען אָפּ קאַפּאָרעס. און ווו איז
איצט יענער „באַזאָרגטער" אמעריקאַנער אינזשענער, וואָס זאָל וועלן אריבערנעמען
זיַין פאַמיליע קיין אויסלאַנד ווען יעדער אינזשענער שעצט זיך גליקלעך צו קריגן
א וואָסער ס'איז ארבעט אין ראַטנפארבאַנד. און דער אווטאָר האָט אויסגעהערט
אלע טיַינעס, זאָרגזאַם פארנאָטירט זיי און אין זיַין שלוסוואָרט אביסל פּאָלעמיזירט
מיט זיַינע קריטיקער, עטוואָס אנערקענט פאַר ריכטיק. אין אלגעמיין אָפּגעדאַנקט
און צוגעזאָגט איבערארבעטן די פּיעסע אין העסקעם מיט די אָנוויַיזונגען...

... און דעמזעלבן פארנאַכט איז אין איבערוואַנדער־הויז געווען א גרויסע פאַר־
זאַמלונג. עס זיַינען געקומען עטלעכע אלטע איבערוואַנדערער, איצט בירגער פון
דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט, ווי זיי רופן זיך, און זיי האָבן דערציילט פאַר
די ניַיע ערשט געקומענע, פראָסט און אָפנהאַרציק, וואָס זיי האָבן איבערגעלעבט און
וויִאַזוי זיי האָבן זיך איצט איַינגעאָרדנט אין בירעבידזשאַן.

און ס'איז ארויסגעטראָטן דער אלטער קאָלעסניק יאָסל קליינמאַן און האָט דער־
ציילט וועגן זיַין ארטעל און וועגן זיך, און ס'איז ארויסגעטראָטן דער יונגער
סטאַכאַנאָוועץ יאַנקל מילנער און האָט דערציילט וועגן זיַינע רעקאָרדן, און דער
מעכאַניקער פון ארגענטינע און אן אוקראַיִנישע פרוי—א סטאַכאַנאָווקע פון דער
ניי־פאבריק, און א טראַנספּאָרט־ארבעטער—א רוס.

און דערנאָכ איז צום רויטבאַדעקטנ טיש צוגעגאַנגענ א קליינ שוואַרצ ייִדל מיט גרויסע געדיכטע ברעמענ אפּנ הוילנ פּאָנים, קיינ שניפּסל האָט ער ניט געטראָגנ און דערפאַר האָט באַזונדערס געשטעקט זײַנ לאַנגער מאָגערער האַלדז. ער האָט א קוק געטאָנ אפּנ פּאַרזאַמלטנ עוילעם מיט הייסע ברענענדיקע אויגנ און האָט געזאָגט:

— איר זײַט דאָ אַלע פּאָשעטע האָרעפּאַשנע מענטשנ, און איכ בינ א פּאָשעטער האָרעפּאַשנער מענטש, א שוסטער בינ איכ, וויל איכ דעריבער ריידנ מיט אײַכ גאַנצ אָפּנ.

און ער נעמט דערציילנ פּראָסט און האַרציק וועגנ דעם, וויִאַזוי ער, א פּאָשעטער שוסטער פונ טאַלנע און א געוועזענער פּאַרטיזאַנ, אז דאָס שוסטערײַ האָט זיכ אויסגעלאָזט, האָט ער זיכ אַוועקגעלאָזט אפּ דער וועלט זוכנ פּאַרנאָסע און איז אָנגעקומענ קיינ קערטש, ווו ער האָט געאַרבעט שוואַרצאַרבעט. און דאָרטנ האָט ער זיכ פּונקט ווי אַנדערע, דערוווּסט וועגנ דער ייִדישער אווטאָנאָמער געגנט; פאַרשטאַנענ, אז דאָס מוז זײַנ א גוטע זאַכ, האָט ער זיכ פּאַרשריבנ און זיכ מיטנ עשאַלאָנ געלאָזט אינ וועג אַרײַנ און מיטגעפאָרנ מיט אים איז אויכ זײַנ מישפּאָכע, דאָס ווײַב און צוויי קינדער—א ייִנגל פונ א יאָר 15 און א מיידל פונ 18 יאָר.

און אַזוי זײַנענ זיי געפאָרנ מיטנ עשאַלאָנ, געפאָרנ בעפּיירעש לאַנג, עפּשער עטלעכע וואָכנ איז מענ געפאָרנ, און דאָס ווײַב איז אים, ניט פאַר קיינ מענטשנ געדאַכט, אינ וועג קראַנק געוואָרנ, און ער זעט, אז ס'איז ניט אפּ קאַטאָוועס, מיט יעדנ טאָג ווערט איר ערגער, אָבער וואָס קענ מענ טאָנ, אז מע פאָרט דאָכ. האַקלאַל, ער האָט זיכ געיִישעוועט און געקווענקלט, נאָר מע האָט גאָרניט געקאָנט מאַכנ. מע האָט געמוזט איבערלאָזנ דעם עשאַלאָנ און אַליינ אַראָפּשטײַגנ. אפּ דער סטאַנציע זימאַ איז דאָס געווענ. ס'איז דאָ אַזאַ סטאַנציע, זימאַ. און דאָ האָט ער אָפּגעגעבנ דאָס ווײַב אינ שפּיטאָל אַרײַנ. נו, עפּשער איז איר טאַקע באַשערט געווענ צו שטאַרבנ אינ וועג, צי מע האָט פּאָשעט זיכ שפּעט געכאַפּט, נאָר ווי די מײַסע איז, זי האָט זיכ דאָרט ניט לאַנג געמאַטערט און אינ עטלעכע טעג אַרום איז זי אינ שפּיטאָל געשטאָרבנ. דאָרטנ אפּ דער סטאַנציע זימאַ האָט ער זי טאַקע באַהאַלטנ. ס'איז אַוואַדע א גרויסער ווייטיק צו פאַרלירנ א מענטשנ, מיט וועלכנ מע האָט אָפּגעלעבט אכט און צוואַנציק יאָר אינאיינעם. אָבער, וואָס קאָנ מענ טאָנ, מע דאַרפּ לעבנ, באַזונדערס, ווענ אפּ די הענט זײַנענ נאָכ געבליבנ צוויי קינדער. האָט ער איבערגעלאָזט דעם קייווער און איז אַוועקגעפאָרנ ווײַטער קיינ בירעבידזשאַנ. דאָ האָט ער זיכ געשטעלט אַרבעטנ אינ א שוסטער־אַרטעל, איז טכילעס געווענ נישקאָשע, אָבער אינ 32־טנ יאָר זײַנענ די פּאַרדינסטנ געפאַלנ. פריִער פלעגט ער האָבנ 90 רובל א „פּאַלוטשקע" און דאָ איז געוואָרנ 45־50, איז אַוואַדע געוואָרנ שווער. אָבער קיינמאָל, אפילע דעמלט, איז אים ניט אופּגעקומענ קיינ געדאַנק צו פאַרלאָזנ בירעבידזשאַנ. און ער האָט געוווּסט, אז ס'מוז ווערנ בעסער... דערווײַל איז דאָס מיידל קראַנק געוואָרנ, איז געוואָרנ גאָר ביטער. איז ער אַוועקגעלאָפּנ צום פּאַרוואַלטער און האָט אים דערציילט אַלצ ווי ס'איז, האָט מענ אים אַרויסגעגעבנ א פּופּציקער שטיצע. איז א'מ אביסל גרינגער געוואָרנ. אז דער פּופּציקער

האָט זיכ אויסגעלאָזט האָט מענ אימ געגעבנ נאָכ א פּופּציקער, ביז ער האָט אוועקגעשטעלט דאָס מיידל אַפ די פיס.

— הײַנט, פרעג איכ אײַכ אלײנ, — ווענדט זיכ דער רעדנער צומ אוילעמ צוהערער אפ די בענק, — ווּ האָט עס אמאָליקע יאָרנ א פּאָשעטער שוסטער געקאָנט האָבנ אזא הילפ בא א אומגליק כאָלילע.

נו, איצט ארבעטנ שוינ ביידע קינדער, דאָס מיידל אינ פּאָטשט, דאָס ייִנגל אַפנ טעלעגראַפ, זײַנע אייגענע פארדינסטנ זײַנענ איצט אויכ אויסגעוואקסנ. איצט האָבנ זיי צוזאמענ א 5־6 הונדערטער דעמ כוידעש אונ לעבנ גוט, אונ דאָס איז א „פּריימער", אז ווער עס קומט אהערצו אינ לאנד ארײַנ ניט נאָכ קיינ לאנגע רובלענ, נאָר ער קומט ארבעטנ אָרנטלעכ, וועט ער זיכ אויסבויענ א לעבנ. נו, אונ זי, דאָס ווײַב זײַנס, זי גייט אימ טאקע זייער אָפּ. וואָס איז דאָ וואָס צו ריידנ? אכט אונ צוואנציק יאָר איז ניט קיינ ווערטעלע. נאָר דאָ איז שוינ קיינער ניט שולדיק.

דער ייִד האָט פארענדיקט זײַנ דערציילונג אונ האָט זיכ אוועקגעזעצט אינ א זײַט.

אונ מע האָט ווײַטער גערעדט, אונ געלייענט אונ געזונגענ לידער וועגנ דער גאָלדענער פאווע אונ וועגנ וואָלאָטשײַעווקער שלאכטנ אונ די ראַדיאָ האָט צעטראָגנ די קלאנגענ פונ די רעדעס אונ לידער אינ די גאסנ פונ דער פארנאכטיקער שטאָט, אינ די באלויכטענע הײַזער, אינ די ווײַטע טײַגע־ייִשווימ, צו די ברעגנ פונ בירעבידזשאנ אונ פונ אמור.

אונ שפּעט אינאָוונט איז פאָרגעקומענ א כאנוקעסהאבאיס בא איינעמ פונ די עלטסטע איבערוואנדערער, באמ קאָלעסניק יאָסל קליינמאנ, אינ די גרויסע דרײַ צימערנ זײַנענ געווענ ענג פאר אלע געקומענע געסט, אונ מע האָט געמוזט צונויפשטעלנ די טישנ ארומ אלע ווענט אונ אנשטאָט בענקלעכ איבערלייגנ ברעטער אונ מאכנ זיי ווי בענק. אונ אפנ כאנוקעסהאבאיס איז געקומענ דער סעקרעטאר פונעמ פארט־קאָמיטעט אויכ אונ נאָכ אָנגעזעענע כאוויירימ אונ מע האָט געזונגענ ייִדישע לידער אונ פארטיזאנישע לידער אונ לידער וועגנ היימלאנד אונ מע האָט געטאנצט ייִדישע טענצ אונ פאָקסטראָט. אונ דער יונגסטער זונ קליימאנס, א סטאכאנאָוועצ האָט געמאכט טעאטער אונ געוויזנ קונצנ, ווי אנ עמעסער אקטיאָר, אונ אלע האָבנ זיכ געקאטשעט פאר געלעכטער. אונ דער באלסימכע האָט דערציילט פאר אלע געסט וועגנ זײַנ לעבנ ביז דער רעוואָליוציע אונ איצט, אונ ווי אזוי ער האָט צו זעכציק יאָר זיכ דערלעבט צו אנ אייגענער דירע בא זיכ אינ סאָציאליסטישנ פאָטערלאנד, דערנאָכ האָט ער ארויסגענומענ די ברילנ אונ האָט פאָרגעלייענט אינדערהויכ א בריוו פונ זײַנ ייִנגל, וואָס האָט האיאָר דאָ בעענדיקט די שול אונ וואָס איז אוועקגעפאָרנ מיט אלע געענדיקטע אפ אנ עקסקורסיע איבערנ לאנד. דער בריוו איז געווענ פונ מאָסקווע אונ איז פול געווענ מיט באגײַסטערונג פאר דער הויפּשטאָט פונעמ לאנד אונ גלײַכצײַטיק אויכ פאר דער היימשטאָט בירעבידזשאנ, דעמ צענטער פונ דער ייִדישער געגנט, וואָס האָט אימ א פּאָשעטנ סטעלמעכס א ייִנגל דערצויגנ, געעפנט אימ די אויגנ אונ געגעבנ אזא גרויס גליקלעכ לעבנ. אונ אלע האָבנ געפּאטשט „בראוואָ" דעמ טאטנ אונ דעמ זונ.

אונ אז ס'האָט ניט געסטײַעט קיינ ווײַנ, האָט מענ אײַנגעבעטנ, איינעמ פונ די

געסט, אונ ער איז אינמיטנ דער נאכט געגאנגענ עפענענ די קראָמ אונ מע האָט געבראכט נאָכ א צענדליק פלעשלעכ נאליווקעס אונ מע האָט געטרונקענ פארנ געזונט פונעמ באלסימכע, פאר זײַנ פאמיליע, פאר אלע פארזאמלטע, פאר דער ייִדישער אויטאָנאָמער געגנט, פארנ גאנצנ ראטנפארבאנד, פארנ גרויסנ אונ באליבטנ פירער פונ די פעלקער.

ס'איז שוינ געווענ שפעטע נאכט. איבער בירעבידזשאנ האָט זיכ געשפרייט אנ אומגעהויערער הימל, א שווארצ־סאמעטענער מיט אנ אויסערגעוויינלעכ קלאָרנ בריליאנטענעמ שטערנ־האפט. אונ צווישנ אנדערע האָט דאָרט אפנ באנאכטיקנ הימל שפאצירט די איינציקע בערעכע—אינ בירעבידזשאנ, די גרויסע שטערנבערעכע. ס'איז געווענ פריש אונ אפילע קילבלעכ. אונ אינ דער שטילקײַט פונ דער נאכט האָבנ הילכיקער אָפגעקלונגענ די טריט אפ די הילצערנע בריקלעכ אונ ערגעצ ווײַט האָבנ זיכ געהערט אָפגעריסענע אויסרופנ אונ שטיקלעכ לידער. דאָס האָבנ זיכ יאָסל קליינמאנס פרײַנט אומגעקערט פונ דער כאנוקעס־האבאים.

אונ דער רעדאקטאָר האָט איצט ווידער באקומענ דרינגענדיקנ מאטעריאל, וואָס קערט אימ איבער די גאנצע וויאָרסטקע. איז ער געזעסנ אינ רעדאקציע אונ אליינ שוינ איבערגעזעצט דאָס ליטארטיקל פונ „פראוודא“, וואָס איז איבערגעגעבנ געוואָרנ דורכ ראדיאָ.

אונ אינ מאָסקווע איז נאָכ דאנ געווענ טאָג. אונ פונ איינעמ א וואָקזאל האָט באלד באדארפט אָפגיינ א צוג—אפ מיזרעכ. אונ אינ צוג זײַנענ ווידער געזעסנ ייִדנ מיט ייִדענעס, מיט קינדער אונ מיט פעק אונ אפ דער פראגע, וווהינ פאָרנ זיי, האָבנ זיי געענטפערט מיט איינ ראשיק אונ פריילעכ וואָרט:

— בירעבידזשאנ!

שאָטא רוסטאַוועלי

# דער העלד אין דער טיגער-פעל

אריינפיר

פונעם כאַאָס האָט דײַן קויעך אויפגעשטעלט די וועלט, דאָס לעבן.
פון דער בלויער הויך באַאָטעמט האָסטו ווענוס אָן א שיר.
ערד אין פילקאָליריק אָנטאָן דו די מענטשן האָסט געגעבן,
הויכע טראָנען האָסט געשאָנקען הערשער ענלעכע צו דיר.

דו האָסט, שעפער, אויסגעקנאָטן דאָס געזיכט פון גאָר די וועזנס!
דו באַשיץ מיך, שענק די קראַפט מיר, איך זאָל בײַקומען דאָס בייז.
אלע זינד פארגעב די שווערע, וואָס איך לעבן מײַנס געוועזן.
ביזן אָטעם ביזן לעצטן לאָז מײַן ליבשאַפט בלײַבן הייס!

פאַנצער פּאַסט דעם לײַב—דעם הערשער און די שפּיז, די שווערד די שאַרפע.
צעפּ-אגאַט, רובין פון באַקן פּאַסט דער קייסערן טאַמאַר.
כ'זאָל מיט ליד דעם קייסער לויבן? האָבן מוט און האָזע דאַרף מען!
מילך און האָניק מ'טוט געניסן, ווען עס שענקט א בליק דער האַר.

מירן זון—טאַמאַר באַזינגען, וואָס אַף אייביק בלײַבט א יונגע.
פון די הויכע ווערטער פלעכטן איר דעם קראַנץ—איך ווער ניט מיד.
ס'האָבן אירע שוואַרצע אויגן מיר מײַן פעדער אָנגעטרונקען, —
ווי א שווערד אַן אָנגעשאַרפטע, זאָל דורך הערצער דורך די ליד!

ס'איז באַשערט מיר שווערע שליכעס—מיט געזאַנג די מאַלקע רימען,
אירע וויִעס, ברעמען, לאָקן דאַרף איך אויסמאָלן געטרײַ.
ציין, וואָס לויכטן, ווי די פּערל, ליפּן—וווּנדערלעכער דימענט...
נאָר—אויך שטיינער דרויבט דער האַמער, אויב אַפילע ר'איז פון בלײַ!

האָבן דאַרף איך: קראַפט פון ווערטער און א האַרץ מיט פלאַמיק גלויבן,
ס'זאָל די רייד פון דיכטער הערן, ווי געזעצן גאָר די ערד.
מירן טאַריִעלן לויבן, מירן אים אין וועלט דערהויבן, —
דרײַ גיבוירים, דרײַ כאַווירים, אלע דרײַ—איינע וועג באַשערט.

לאָמיר אינעם קרײַז באַווײַנען אַלדי פּלאָג פון טאַריעלן,
וואָס מיט פײַערדיקער ליבע און מיט פּײַנען איז באַרימט.
דורכגעשפּיזט דורך שפּיז פון טרויער, איך, דער זינגער רוסטאַוועלי,
האָב, ווי פּערל אָנגעסילעט די לעגענדעס וועגן אים.

---

איך, רוסטאַוועלי, טיף־באַגײַסטערט נאָכאַמאָל די מאַלקע לויב איך,
די, וואָס הערשט אַף די כאַיאָלעס, כ׳רוף אין פינצטער פון מײַן סאָף.
— כ׳בין פאַרשמאַכט שוין! די פאַרליבטע העלפט קיין שפּרעכן און קיין צויבער!
שענק דעם וונדער פון דער היילונג, אָדער שענקט דעם אייביק—שלאָף!—

די לעגענדע די איראַנער זאָל באַקאַנט גרוזינער ערד זײַן, —
דאָרעם־פּערל, וואָס אַף טויזנט הענט צעשפּרייט האָבן די שײַן,
כ׳האָב פאַרזאַמלט, אײַנגעפּאַסט זיי אין געטאָקטע, שטײַפע פערזן,
ס׳זאָל די שיינע מיט איר מילדקײַט מיר פאַרלײַכטערן די פּײַן!

כ׳בין פאַרבלענדט פון אירע אויגן, כ׳גאַר נאָך בליק אירן דעם זיסן,
אַ פאַרפּײַניקטער פון ליבשאַפט, כ׳וואָגל אום פון סטעפּ צו סטעפּ.
זאָל צעאַשט ווערן דער קערפּער, נאָר דער גײַסט זאָל גליק געניסן!
לויב די דרײַ גיבוירים—קריגער אין דער ליד אין מײַנער לעבט.

---

הער זיך צו! איך רים די איינע, וואָס געהער די אייביק־ספערן.
גרויסן העלדנטאַט פון דיכטער—קיין רעכילעס ניט פאַרשטויבט.
עס געוועלטיקט אַף מײַן לעבן די, וואָס גרויזאַם, ווי פאַנטערע איז.
כ׳האָב פאַרטראַכט: אַף אַלע דוירעס זי באַקרוינען מיט מײַן לויב.

כ׳רים די ליבשאַפט—איר איז נאָענט ריי פון גײַסטער ליכטיק־זויבער, —
ניט אַנטפּלעקט זיך אין די ווערטער, אין מוזיק איז זי צעשטראַלט;
ס׳איז אַ גליק דעם דיכטערס גורל, וואָס צו הייכן טוט דערהויבן
און אויך ביטערניש פון פּײַנען, קלאָגן און פּלאָג אין זיך באַהאַלט.

ליבשאַפט! בלויז די לײַט, וואָס ליבן, טיפער זין דײַנער באַוווּסט איז.
שטום סע ווערט פאַר דיר דער קלוגסטער, ס׳פאַנגט אים, וויגט אים וונדער—צאַרשם.
דער אַפּילע, וואָס פאַרברענט ווערט פון די קערפּערלעכע גלוסטן,
פעסטעט שטיל די ריינע ליבשאַפט, ווי דעם בעסטן טרוים פון האַרצן.

אינעם מיזרעכ הייסט פאַרליבטער פונקט דאָס זעלבע, וואָס מעשוגע.
בלויז דער נאַרישער פאַרערער האַס און טרוימען זײַנע קלײַבט.
האָסטו ליב מיט גײַסט מיט הויכן, דו אַף אייביק קריגסט די יוגנט.
אויב דער טײַווע שענקסט אַוועק זיך, בלויז דער שטויב פון דיר פאַרבלײַבט!

---

### דאָס ערשטע קאַפּיטל:

# וועגן דעם אַראַבישן קייסער ראָסטעוואַן

אין אַראַביען געלעבט האָט ראָסטעוואַן דער גאָט־געזאַלבטער
האַר פון פירשטן, כיילפירער. גרויס געווען זײַן קראַפט, זײַן מאַכט,
מילד און שטאָלץ איז ער געווען, פון גערעכטיקײט געהאַלטן.
וווּנדער־קלוג געווען אין שמועס, דרייסט און מוטיק—אין דער שלאַכט.

ניט געהאַט קיין זון באַם הערשער, נאָר אַ באַסמאַלקע אַ שיינע,
ווי די הויכע זון אין הימל האָט די באַסמאַלקע געבלענדט.
ווער געזען האָט זי איינמאָל, פון קיין רו געוווּסט האָט קיינמאָל.
בלויז אַ קלוגסטער און אַ דיכטער וואָלטן רימען זי געקענט.

טינאַטין—זײַן טאָכטערס נאָמען,—וווּנדער־כיין איז נאָמען אירן.
אויסגעוואַקסן איז זי, העלער פון דער זון האָט זי געבלענדט...
שטאָלץ און רויִק האָט דער קייסער דאַן גערופן די וואַזירן
און צו כאָשעווע, צו זקיינים נאָך אַן אייצע זיך געווענדט:

„—אין מײַן האַרץ אַ זאָרג פאַרבאָרגן, כ׳וואַרט אַצינד אַפ וואָרט אַפ אײַערס,
אַז סע ווערט די רויז פאַרוויאַנעט, אַז פאַרגאַנגען איז איר צײַט,
עס באַצירט זיך דאַן דער גאָרטן מיט אַ שיינער רויז אַ נײַער,
קיל די זון פון לעבן מײַנעם. אייביק־נאַכט—פון מיר ניט ווײַט.

מײַנע טעג—גענויגט צו שקיִע. ביטערער פון קרענק פון אַלע
איז די עלטער. נאָענט מײַן טויט שוין. אַלעמען באַשערט דער ברעג.
וואָס באַטרעפט די שײַן, וואָס לעשט זיך און אין אָפּגרונט ווערט פאַרפאַלן?
טראָן מײַנעם און הערשאַפט מײַנע כ׳שענק דער זוניקער אַוועק".

ענטפערן דעם האַר די וואַזירן: „אָ, באַרימטער הערשער־פירער!
אַז עס ווערט די רויז פאַרוויאַנעט, ווען אַפילע עס געשעט,
קיין שום קוויט ניט צו געפינען, וואָס זיך גלײַכט מיט דופט צו אירן.
אויך מיט טונקעלער לעוואָנע קיין שום שטערן זיך פאַרמעסט!

ס׳איז די רויז נאָך ניט פאַרוועלקט גאָר. יאָג פון זיך דעם ווײ דעם שוואַרצן.
האָסט געגעבן אונדז אַן אייצע—וואָס איז טײַערער דערפון?
טו אַזוי, אָ, גרויסער הערשער, ווי באַפוילן האָט דײַן האַרץ דיר.
גיב דעם טראָן אַוועק דײַן שיינער, וואָס איז העלער פון דער זון,"

זי אַ פרוי איז, נאָר דער הימל האָט די קרוין איר אָנגעצייכנט.
ס׳איז דעם טראָן דערוווערט דײַן טאָכטער מיט איר שיין און מיט איר בלי.
העל דער וועג פון דער פרינצעסן, ווי דער וועג פון זון אין הייכן.
מעכטיק, ווי דער לייב, דאָס לייבל, סײַ דער ער און סײַ די זי!"

אווטאנדיל, דער העלד דער שטארקער, וואָס מיט פּאָנים ליכטיק—זויבערס,
וועלכער, ווי קרישטאָל, איז לויטער אונ איז שלאנק, ווי קיפּאריס, —
די פּרינצעסנ ט'אימ געפאנגענ, די פּרינצעסנ ט'אימ באצויבערט
מיט די וויַעס מיט די לאנגע—שטרענגע, שארפע שפּיז לעמ שפּיז.

אינ זייַנ הארצ דער כייַעל־פירער האָט די וונדנ אויסבאהאלטנ,
ווענ די רויז מיט זונ צעשיידט זיכ, ווערט זי אָנ איר פּורפּור־קלייד.
זיכ באגעגנט—בליט זי ווידער, רויט די בלעטעלעכ צעפּראלט זי...
טיפנ מיטגעפיל פארדינט האָט, ווער פארזוכט האָט ליבע־לייד!

פריַ פונ הערשאפט, האָט דער קייסער זיכ פארטיפט אינ טרויער־שטומענ.
אווטאנדיל—פונ גליק געטרוימט האָט אונ דעמ גורל ר'האָט געדאנקט:
„טינאטינ וועט איצטער אָפּטער צו דעמ זאל אינ פּאלאצ קומענ!
עפּשער קריגט אצינדערט היילונג הארצ מייַנס, וואָס פונ ליבע קראנק?"

אינ אראביענ דער קייסער האָט צעשיקט שילוכימ שנעלע:
„ס'איז אזא מייַנ פּאָטער־ווילנ: כ'שענק דער באטמאלקע דעמ טראָנ.
זאָל זי ברענגענ פרייד די מענטשנ, קיניגנ א זוניק־העלע.
פונעמ לאנד מייַנעמ דעמ גרויסנ קומט מיט לויב־געזאנגענ אָנ!"

אָנגעקומענ די אראבער. מיט די לייַט די הויכגעשטעלטע
אָנגעקומענ אווטאנדיל איז, וואָס די רייַטער־לייַט באפעלט,
אונ סאָגראט איז אָנגעקומענ. אינעמ קייסערס הויפ דער עלטסטער.
מ'האָט דעמ טראָנ אריַינגעטראָגנ, פונ זייַנ שיינ מ'האָט אָנגעקוועלט.

טינאטינ עס פירט דער פאָטער, פירט א פריילעכ־אופגעלעבטער.
אפנ טראָנ ער זעצט זי, קרוינט זי מיט דער קרוינ פונ גינגאָלד־העל.
אָנגעטאָנ אינ שענסטע קליידער, טינאטינ נעמט אופ דעמ סצעפּטער.
טינאטינ באלויכט דעמ פּאלאצ, ווי די זונ באלויכט די וועלט.

גיט דער קייסער, גיבנ קריגער קאָוועד אָפּ דער וונדער־שיינער.
מ'האָט אפ קיניגנ געבענטשט זי אונ פארנויגט פאר איר דעמ קאָפּ.
מיט טרומייטנ־קלאנג האָט פריילעכ הילכ פונ צימבלענ זיכ פארייניקט.
טינאטינ זיצט א פארוויינטע, וויַעס־פליגל בויגט אראָפּ.

ס'דוכט איר, ניט פארדינט דעמ קאָוועד אונ דאָס לויבנ אונ דאָס רימענ.
פייַכט פונ טרערנ אירע באקנ—סאָד מיט צארטנ רויזנ־בלענד.
זאָגט דער קייסער: „ס'דארפ דער פאָטער אינ די קינדער טרייסט געפינענ,
ווענ כ'זאָל דיר דעמ טראָנ ניט געבנ, וואָלט מייַנ הארצ א פלאמ פארברענט.

טינאטין, הער אוף צו וויינען! טאָכטער מײַן, אומזיסט דער ווייטעק!
איבער לאנד און איבער לענדער וועסטו הערשן יאָרנלאנג.
צוים אין לאנד מײַנעם די ווײַטן, צוים מיט האנט דײַנער די ברייטן.
קלוג אין מײַסים, זאָל דײַן זינען פרײַ און גרויס זײַן מיט געדאנק!

סײַ צו קווייטן, סײַ צו שטויבן שיקט די זון איר ליכט איר טײַערס.
ליכטיק זײַ צום האר צום הויכן, ליכטיק זײַ צום אָרעמאן.
ס'בינדט דער מילדער אויך דעם גאדלען (אָן געשאנק איז טרײַ דער טרײַער),
זײַ א מילדע, ווי דער צופלוס פון דער וועל אין אָקעאן!

ווי אלאָע דעם גאניירן פאסט די הערשער גוטסקײַט עכטע.
ס'מוז דעם מילדן אויך דער פאלשער טרײַ און אונטערטעניק זײַן.
ס'איז א גליק דאָס הויז דאָס אָפּנס, שפּאָרן־שפּאָרן נאָר די שלעכטע.
דאָס צעטיילטע—דיר געהער עס, דאָס באהאלטנס איז ניט דײַנס!"

ס'קוקט די באסמאלקע די העלע צו דעם גראָען, צו דעם שטאָלצן.
ס'הערט די באסמאלקע די העלע—פון די רייד דעם טיפן זין.
פריילעך איז דער אלטער קייסער, לידער קלינגען בא דעם מאָלצײַט.
זון אין הייך, ווי טינאטין, שײַנט בלייכער נאָך פון טינאטין!

דעם דערצײַער הייסט זי רופן, דער, וואָס נאָענט איר פון קינדהײַט,
„איבעריק פאר גוטס־באהעלטערס זיגלען, וועלכע היטן פעסט!
נעמט צונויפעס מײַן יערושע, גייט, פארזאמלט זיך געשווינדער!"
מ'האָט געבראכט, און מילד באשענקט זי סײַ דאָס כײַעל, סײַ די גאַסט.

אלעמען צעשענקט מאטאָנעס טינאטין, דער קוואל פון שײַנען,
רײַכע, אָרעמע און וואָגלער, וואָס מיט שטויב פון ווײַטסטן וועג:
„כ'סו אזוי, ווי ס'האָט באפוילן מיר דער ליבער פאָטער מײַנער —
זאָל ניט בלײַבן אויסבאהאלטן אין די קאסטנס מײַן פארמעג!

פראלט די גוטס־באהעלטערס אופעט! ברייט צעעפנט טיר און טויער!
טרײַבט אהער די פערד־טאבונען! מײַנע טשערעדעס ניט שוינט!"
ס'גיט די באסמאלקע מאטאָנעס, אין איר אויג נישטאָ קיין טרויער,
כאָטש עס כאפּט דאָס גוטס דאָס כײַעל, ווי גאזלאָנישער האמוין.

ווי די רויב אין טעג פון אָנפאל, דאָס פארמעג צענומען האָט מען,
פערד פון שטאלן צוגענומען, וואָס געגערט מ'האָט יאָרנלאנג.
ס'האָט די באסמאלקע מאטאָנעס גלײַך, ווי שניי, אפּ קעפּ געשאָטן.
סײַ די פרויען, סײַ די מאנצבילן אָנגעזעטיקט מיט געשאנק.

און געדויערט האָט דער יאַנטעוו. רײַך דאָס מאָלצײַט—אומגעהויער.
און געגאַנגען זײַנען מאכנעס צו דעם קייסערס הויף ביז שפּעט.
נאָר דער הערשער זיצט א כמורנער, ווי געיאַרשנט וואָלט ער טרויער.
„עפּעס איז פאַרזאָרגט דער הערשער!" האָט דער אוילעם שטיל גערעדט.

צו דעם העלן אווטאַנדילן, וועלכער שײַנט מיט ליבן־גוורע,
צו דעם פירער פון די מאכנעס, וואָס איז, ווי א טיגער, פלינק,
זאָגט סאָגראַט דער האַר דער עלטסטער: „אינעם קייסערס האַרץ איסורים.
ס'גייט ניט אָן דעם האַרץ פון הערשער, וואָס מע טאַנצט דאָ און מע זינגט.

מיט מאכשאָוועס בייזע, שווערע איז ראָסטאַן ארומגענומען,
כאָטש, ווי ס'דאכט זיך מיר, באַם יאָנטעוו אַלעס, ווי געהעריק, גייט".
אווטאַנדיל זאָגט: „לאָמיר פרעגן וועגן סיבע פון זײַן אומעט.
לאָמיר טאָן אַלצדינג, צום קייסער זאָל זיך אומקערן די פרייד!"

איז סאָגראַט דאַן אופגעשטאַנען און נאָך אים—דער שלאַנקער גיבער,
אָנגעפילט מיט ווײַן די בעכערס און מע לאָזט זיך און מע גייט,
מ'פאַלט אָפּ קני, און מיט א שמייכל, פול מיט אָפשײַ און מיט ליבע,
רעדט אַזוי דער אַלטער הויפמאַן,—ווי א קוועלכל זײַנע רייד:

„— איך פאַרשטיי, פאַרוואָס דעם הערשער האָט דער טרויער איצט פאַרינגלט,—
רײַכקײַט האָט צעזייט דײַן טאָכטער, זי פאַרשווענדעט האָט דײַן קראַפט;
ס'האָט דאָס לאַנד אין רעגן איינער הײַנט פאַרלאָרן ס'גאַנצע גינגאָלד;
האָסט דעם טראָן געשענקט דער טאָכטער, האָסטו אומגליק זיך פאַרשאַפט!"

נאָר א שפּייכל טוט דער הערשער, שמייכל זײַנער—כמורנע, קאַלט איז.
קלאָר, אַז סע פאַרדריסט דעם הערשער, וואָס עס רעדט דער הויפמאַן שלעכטס
ענטפערט אָפּ אַזוי דער קייסער צו דעם אופריכטיקן אַלטן:
„ווער געזאָגט האָט: „קאַרג דער הערשער", דער געווען איז ניט—גערעכט!

אָט דערפאַר אָפּ פּאָנעם מײַנעם ס'טוט די זאָרג איר שאָטן שפּרייטן:
ס'איז באַפאַלן מיך די עלטער, טעג מײַנע צום פינצטער טרײַבט.
ס'איז נישטאָ אין לאַנד אין מײַנעם, אינעם גרויסן, אינעם ברייטן
קיינער, וועמען דרייסטקײַט מײַנע אַלס יערושע־גײַסט פאַרבלײַבט.

כ'האָב א טאָכטער אויסגעכאָוועט, זי אין צערטלעכקײַט דערצויגן,
כ'האָב קיין זון וואָס, ווי דער פאָטער, דרייסט דערגרייכן זאָל צום ציל,
יאָגנדיק און וועט די באָלן, שיסנדיק פון פײַלנבויגן, —
ווער מיט מיר זיך קען פאַרוועטן? סײַדן עפּשער אווטאַנדיל".

אוטאַנדיל, דער שלאַנקער גיבער שטייט אונ טוט דעם הערשער הערנ.
פֿלוצים האָט באַשײַנט א שמייכל ס׳פּאָנעם פֿונעם יונגנ מאַנ.
ס׳האָבנ זיכ, ווי שניי, צעלויכטנ פֿונ די ציינ זײַנע די פּערל.
„וואָס באַטײַט געלעכטער דײַנער?"—פֿרעגט דער קייסער ראָסטעוואַנ,—

„ס׳איז ניט אָפּשײַ פֿארנ הערשער—דאָכ א שולד אונ גאָר א שווערע!"
ענטפֿערט אוטאַנדיל: „כ׳וועל רײדנ, אָרעוו זײַ מיט וואָרט מיט דײַנעם:
פֿאַר מײַנ מוט וועסט מיכ ניט שטראָפֿנ, ווענ די רייד מײַנע וועסט הערנ,
וועסט מיט שטויב מיכ ניט פֿאַרגלײַכנ, אויב דערצערנט וועסטו זײַנ".

זאָגט דער קייסער: „כ׳וועל ניט שטראָפֿנ, זאָג, וואָס האָט דײַנ הארצ
פֿאַרוואַלט זיכ".
אונ געשוואָרנ האָט דער קייסער בא דער העלער טינאַטינ.
אוטאַנדיל זאָגט: „הערשער! בעסער שליסנ מיט געשפּרעכ דעם מאַלצײַט,
ניט באַרימענ זיכ מיט פֿײַלנ, וועלכע פֿלינק אונ מעכטיק פֿליִענ.

קענג דיר כ׳בינ שטויב, אָ, הערשער! נאָר איכ טראָג דאָס פֿײַלנ־בינטל.
ווי מיר וועלנ זיכ פֿאַרוועטנ, זענ זאָל דאָס רײַטער־פֿאָלק.
בלויז מיט ווערטער עס באַרימט זיכ דער, וואָס גלויבט אינ מאַזל בלינדנ.
אינ געוועט—די קריג אנטשײדנ דער געוועט־פּלאַצ אונ דער באָל!"

זאָגט דער קייסער: „פֿונ דײַנ דרייסטקײַט טוט דאָס הארצ מײַנט פֿרייד געניסנ.
נעמסטו אָנעט דעם ארויסרופֿ,—גוט, די פֿײַל שוינ אלצ באַשטימט!
ריכטער זאָלנ אינ געוועט זײַנ מײַנע בעסטע פֿײַלנשיסער,
די אָרענע וועט באַווײַזנ, ווער פֿונ אונדז דאַרף זײַנ באַרימט!"

אוטאַנדיל דערופֿ גייט אײַנעט אונ קײנ וואָרט אנטקעגנ רעדט ניט.
ס׳פֿרייט באַנײַעט זיכ דער קייסער אונ עס פֿרייענ זיכ די געסט.
וועגנ צייכנ פֿונ מאַפּאָלע נעמענ אויס דאַנ די געוועט־לײַט:
„ס׳גייט מיט קאָפּ מיט אָפּגעדעקטנ דער באַזיגטער—דרײַ מעסלעס".

„יעגער צוועלפֿ,—באַפֿוילט דער קייסער,—זאָלנ זיכ לעם מיר געפֿינענ,
פֿײַלנ מיטראָגנ, דערלאַנגענ פֿלינק די פֿײַל צום שיסערײַ.
שערמאַדינ, דײַנ פֿרײַנט דײַנ גוטער, זײַנ מיט דיר זאָל, דיכ באַדינענ.
די געטרײַטע כײַעס ציילנ זאָל מענ ערלעכ אונ געטרײַ!"

מ׳הייסט די שיסער: „פֿרי—באַגינענ פֿאָרנ צו דער סטעפּנ־געגנט.
נאָכנ שפּור פֿונ טשערעדעס כײַעס נאָכגיינ מיט געדינטער קייט!"
מ׳הייסט דעם כאַיעל: פֿרי—באַגינענ הערשער מעכטיקנ באַגעגנט!
מירנ ענדיקנ דאָס מאַלצײַט, הייבט זיכ אָנ א נײַע פֿרייד!"

אינעם העלן פורפור־אָנטאָן, מיט טשאַלמאַ פון ריינעם גינגאָלד
אווטאַנדיל פאָרט צו צום פּאַלאַץ, שטעלט זיך פאַר דער קריגער־ריי.
ווי קרישטאָל — זיַין פּאָנעם לויטער, און אַ שלאַנקער און אַ גרינגער
זיצט ער אויפן פערד אויף זיַינעם, וואָס איז וויַיס אַזש ווי שניי.

צום געיעג עס ריַיט דער הערשער און נאָך אים — די יעגער־רייען.
צו דעם סטעפּ געשיקט מ'האָט יעגער, טייקעס, באַלד, ווי ס'האָט באַגינט.
ס'יאָגן אינעם פעלד די ריַיטער מיט געפּיַיפ און מיט געשרייען,
נאָך די חיַיעס נאָך די גיכע — פיַילן יאָגן, פיַילן פליִען.

ראָסטעוואַן באַפוילט די דינער: „ווי געהעריק נאָכצושפּירן!
צודערציַיט דעם בויגן געבן! פיַילן־קיילע זיַין זאָל פול!
און פון חיַיעס פון געטויטע זאָל מען גוט אַ חשבון פירן!"
אויף די לאָנקעס יאָגן חיַיעס, פונעם ווילדן פּאַכעד דול.

איבער לאָנקעס, איבער סטעפּן יאָגן טשערעדערס אין פיבער.
הינדן, הערשן, ציגן, זעברעס, מיט געברום און מיט געפּיַיפ
איבער לאָנקעס, איבער סטעפּן יאָגט דער קייסער, יאָגט דער גיבער,
פלינק די פיַיל איז, שטיַיף — דער בויגן און די האַנט איז קרעפטיק — שטיַיף.

ס'האָט אַ שטויב זיך אויפגעהויבן, נעפּל האָט די זון פאַרצויגן.
גראָז צעטראָטענעם אויף לאָנקעס בלוט פאַרגאָסנס האָט געפלעקט,
ווידער פול די פיַילן־קיילע, ווידער שיסט דער פיַילן־בויגן,
אינעם מיטן לויף פאַרוווּנדעטס, חיַיע פאַלט אין שטויב אַוועק.

ריַיטער פליִען אויף די סטעפּן און די טשערעדעס זיי יאָגן
און זיך פרייען מיט ניצאָכן און זיך פרייען מיט דער שפּיל.
רויט פון בלוט זיַינען די לאָנקעס. קריגער טוט צו קריגער זאָגן:
„ליב־געזאַנג צו אווטאַנדילן! ווי אַ לייב איז אווטאַנדיל!"

מ'איז אַדורך דעם סטעפּ דעם גאַנצן און געשאָסן און געטראָפן.
נאָכן סטעפּ זיך הייבן פעלדזן, טיַיך, אַ טיפער וואַלד — באַם ברעג.
אינעם וואַלד אין ווילד־געדיכטן זיַינען חיַיעס דאָרט אַנטלאָפן.
מיד, עס האָבן דרייסטע יעגער אָפּגעשטעלט דאָרט דעם געיעג.

„— ס'איז מיַין פיַיל געפלויגן פלינקער!— — „ניין!" עס ענטפערט אויף אַ צווייטער.
און מיט שפּאַסן און מיט ווערטלעך אינעם פעלד מ'איז זיך צעגאַן.
טוט דערמאַנט אַ פרעג דער קייסער בײַ די יעגער — די באַגלייטער:
„זאָגט אָן כניפע מיר — בײַ וועמען זיכערער דאָס אויג, די האַנט?"

מ׳ענטפערט אים: „אָ, גרויסער הערשער! זאָלסט אָנ קאָט די רייד פארגעמענ
ס׳האָט געזינגט דײַנ ליבער שילער! קייסער מעכטיקער, ניט שטראָף!
זאָל דײַנ צאָרנ אונדז ניט קעפנ,—אונדזער וואָרט איז הוילע עמעס!
אווטאנדיל שיסט אויס—די כײַע פאלט אינמיטנ דעמ געלאָפּ.

אינ געיעג, אָ, גרויסער הערשער, האָסט געהארגעט צוואנציק הונדערט.
אווטאנדיל האָט הײַנט געהארגעט אפּ די צוואנציק הונדערט מער!
אומגעפלויגנ זײַנע פײַלנ פינקטלעכ, מאמעש, ווי א וווּנדער.
זײַנע האָבנ מיר געריינקט, הייבנדיק זיי פונ דער ערד״.

גלײַכ ווי מיט געווינס אונ נארדנ, פרייט דאָס הארצ זיכ דאָס באַיאָרטע:
„ס׳איז דער שילער הײַנט דער זיגער! ער איז קרעפטיק, פלינק אונ פעסט״!—
ווי דער נאכטיגאל די רויז לויבט, די באצירונג פונעמ גאָרטנ,
קוועלט דער קייסער פונעמ גיבער אונ זײַנ טרויער ער פארגעסט.

פונ די פערד זיי שפּרינגענ ביידע אונ מע רוט זיכ אָפּ אינ שאָטנ,
אינעמ סטעפּ עס גלאנצט דאָס כײַעל אונ מיט שײַנ דער טאָג איז רײַכ.
ס׳איז דער קייסער טיפ צופרידנ פונ געיעג, וואָס איז געראָטנ,
ס׳קוקט דער קייסער, ס׳קוקט דער גיבער אפּ די שפּילנ נעבנ טײַכ.

יידיש—עזראָ פינינבערג.

לענגסטאָן יוז *)

# אין דער היים

1

ווען ער איז צוריקגעקומען, זײַנען אפ זײַנע טשעמאָדאנען און אפ דער שייד פון דער פידל געווען אָנגעקלעפּט פאַרביקע צעטלעך און קויטלעך מיט אופשריפטן אפ פרעמדע שפראַכן, וואָס זײַנע לאַנדסלײַט האָבן ניט געקאָנט דורכלייענען. דאָס זײַנען געווען שפורן, וועלכע עס האָבן איבערגעלאָזן טאַמאָזשנעס פון חײַטע גרענעצן, גרויסע האָטעלן און אייראָפּעיִשע שטעט, און שיפן, וואָס זײַנען געשווומען איבערן אָקעאַן אזוי ווײַט פון האָפּקינסוויל. צוליב די צעטלעך האָבן די ברוינע לעדערנע טשעמאָדאנען און די שייד פון דער פידל אויסגעזען זייער פריילעך און האָבן דערמאָנט אָן א צירק. צוליב זיי האָבן די ווײַסע מענטשן אין באַן געמאַכט פאַרשיידענע האַשאָרעס וועגן דעם, ווער עס איז אָט דער ברוינער יונגערמאַן, צו וועלכן דער באַגאַזש געהערט. און ווען ער איז אַרויס פון וואַגאָן אין עפּעס א קליינער סטאַנציע אין שטאָט מיסורי, האָבן זיך אַרום אים פאַרזאַמלט ליידיקגייער און האָבן געגלאָצט אפ אים די אויגן.

ראָי ווילִיאַמס איז צוריקגעקומען אַהיים פון יענער זײַט יאַם, קעדיי זיך צו זען מיט זײַן מישפּאָכע, מיט זײַן מוטער, שוועסטער און ברידער, וועלכע האָבן נאָך אַלץ געלעבט אינעם אַלטן היימישן שטעטל. ראָי איז אַוועק פון דאַנען מיט זיבן אָדער אכט יאָר צוריק און האָט אַרומגעוואַנדערט איבער דער וועלט. ער האָט זיך אומגעקערט ביז גאָר עלעגאַנט געקליידט, אָבער שרעקלעך אויסגעדאַרט. ער איז געווען קראַנק.

אייגנטלעך, צוליב אָט דער קראַנקהײַט זײַנער, האָט זיך ראָי אומגעקערט אַהיים. ער האָט בעהאַט דאָס געפיל, אַז ער וועט אינגיכן שטאַרבן, און ער האָט געוואָלט זיך נאָכאַמאָל זען מיט זײַן מוטער. אָט דער פּאָרגעפיל פון טויט האָט אים ביסלעכווײַז באַהערשט אין מעשעך פון די לעצטע צוויי אָדער דרײַ יאָר. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז צום ערשטן מאָל איז דאָס פּאָרגעפיל צו אים געקומען אין ווין, אין דער פריילעכער אָבער גויסעסדיקער שטאָט פון צענטראַל־אייראָפּע, ווו אַזויפיל מענטשן האָבן געהונגערט. און דאָך האָבן איינצלנע געהאַט גענוג געלט אפ שאַמפּאַניער, אפ קאַוויאַר און אפ פרויען אין די נאַכטקלובן, ווו ראָיס אָרקעסטער האָט געשפּילט.

אָבער פון יענער זײַט בלישטשענדיקן פּאָרהאַנג פון ראָיס דזשאַז־באַנד איז געווען טויט. מיט אַן עקל האָט ער צוגעקוקט, ווי מענטשן כאַלעשן פון הונגער אין די גאַסן פון ווין, בייס אַנדערע שטאָפּן אָן זייערע בײַכער מיט ווײַן און מײַכאָלים. מיט א ווייטיק אין האַרצן פלעגט ער אָפּזאָגן די יונגע ווײַסע פרויען, וואָס האָבן זיך נאָכגעשלעפּט נאָך אים, בייס ער איז אַהיים געגאַנגען פון דער אַרבעט שפּעט

*) רעוואָליוציאָנערער נעגער־דיכטער און פּראָזאַיִקער.

באנאכט, און אים פֿאַרגעלייגט זייערע קערפּערס פֿאר א פּאָר מאטבייעס, מיט וועלכע זיי וואָלטן געקענט שטילן זייער הונגער.

אין ווין האָט ראָי געהאט א באַזונדערן צימער פֿאר זיך אליין, ווײַל ער האָט געוואָלט זיך לערנען און וואקסן אלס פֿידלער. ער האָט זיך געלערנט בא איינעם פֿון די בעסטע לערער פֿון פֿידל־שפּיל. עס איז אים געווען שווער ניט ארײַנלאָזן צו זיך אין צימער די שיינע און הונגעריקע פֿרויען, וואָס זײַנען געווען גרייט זיך אָפּגעבן יעדן מאן, וואָס ארבעט, בלויז דערפֿאר ווײַל דער מאן האָט זיי דערפֿאר געקענט דערלויבן איבערנעכטיקן בא זיך אָדער ארײַנרוקן אין האנט אביסל געלט מיט וועלכע מע קען קומען אהיים צו די עלטערן, וואָס האלטן באַם אויסגיין פֿון הונגער.

— דאָס לעבן אין ווין איז אן עמעסער גענעם,—האָט ראָי געטראכט.—כ'האָב נאָך קיינמאָל אין מײַן לעבן ניט געזען אזעלכע הונגעריקע מענטשן, אפֿילע צווישן די נעגערס בא זיך אינדערהיים.

ס'איז אָבער געווען נאָך ערגער, ווען דער אָרקעסטער האָט זיך אומגעקערט קיין בערלין, עס האָט זיך געפֿילט, אז הינטער דער אויבערפֿלעכלעכער סאָלידקײַט פֿון דער ריזיקער שטאָט, הינטער די טירן, וואָס זײַנען פֿארשלאָסן פֿאר טוריסטן, שטײַגט דער הונגער און פֿײַן אריבער אלע גרענעצן פֿון פֿארשטאנד. און די פּאָליציי האָט געשלאָגן און געשיימעסט יעדן איינעם, וואָס האָט געפּרוּווט פּראָטעסטירן, גאנוועגען אָדער בעטלען. און דאָ, אין דעם קאבארע, וווּ ראָי האָט געשפּילט, פֿלעגן אסאך מענטשן נאָך אויסגעבן גוט געלט. זיי פֿלעגן לאכן און טאנצן יעדע נאכט, און האָבן געפּײַפֿט אף דעם, וואָס היימלאָזע קינדער וואלגערן זיך פֿון יענער זײַט טיר, וואָס מענער בויען זיך הײַזקעס פֿון קאסטנס, וואָס פֿרויען שפּאנען ארום איבער די גאסן און זוכן קוינים אף זייער לײַב.

אָט דאָ, אין בערלין, האָט דער אומעט אמשטארקסטן ארומגעכאפּט ראָיען. און טאקע דאָ האָט ער אָנגעהויבן הוסטן. איינמאָל באנאכט, אין פּראָג, האָט ער געקראָגן א בלוט־שטורצ. ווען ער איז צוריקגעקומען קיין פּאריז, האָט זײַן געליבטע אף אים גוט אופּגעפּאסט, און אים געשטעלט אף די פֿיס. פֿון דאן אָן אָבער האָט ער שטענדיק געהאט דעם געפֿיל, אז ער וועט אינגיכן שטארבן. דער הוסט האָט אים ניט געלאָזט צורו און אויך ניט דער אומעט. איז ער אוועקגעפֿאָרן אהיים צו זען זיך מיט זײַן מוטער.

ער איז אָנגעקומען קיין ניו־יאָרק פּונקט אין יענעם טאָג, ווען הוווער האָט ארויסגעטריבן די מילכאָמע־וועטעראנען פֿון וואשינגטאָן. א פּאָר טעג האָט ראָי פֿארבראכט אין הארלעם*). קימאט אלע זײַנע פֿרײַנט, וואָס האָבן דאָרטן געלעבט, מוזיקער און אקטיאָרן, זײַנען געווען אויסגעהונגערט און ארבעטלאָז. דערזען, אז ראָי איז אזוי גוט אָנגעטאָן, האָבן זיי געבעטלט געלט בא אים. באנאכט פֿלעגן פֿרויען שעפּטשען אין די גאסן: „קום מיט מיר, באָכערל, איך וויל דיך גוט אָנקוקן, מײַן טײַערער".

— ס'איז אומעטום צעפּוילט,—האָט ראָי א טראכט געטאָן.—כ'וויל אהיים.

זײַן לעצטע נאכט אין הארלעם איז געווען א שלאָפֿלאָזע. ער האָט געטראכט וועגן זײַן מוטער. אינדערפֿרי האָט ער איר געשיקט א טעלעגראמע, אז ער פֿאָרט אהיים.

* דער נעגער־קווארטאל אין ניו־יאָרק.

2

— א פאריסענער נעגער, — האָבן געזאָגט די ווײַסע לײדיקגײיער, ווען זײ האָבן דערזען ראָיען אפ דער פלאטפאָרמע אין דער ליכט פון דער סעפטעמבער־זון, א שלאנקן און אן עלעגאנטן, און ארומגערינגלט מיט זײַנע טשעמאָדאנעס מיט די פארביקע קוויטלעך. ראָי איז ארויס פון א פולמאנ־וואגאָן — אן אויסערגעוויינלעכע זאך פאר א נעגער אין יענער געגנט.

— צו אלדי רוכעס! — האָבן געזאָגט די ווײַסע לײדיקגײיער.

פלוצלינג האָט זיך דעהערט א פאָנפענדיקע שטים:

— כ'מעג צעפּלאצט ווערן, אויב דאָס איז ניט ראָי וויליאמס!

ראָי האָט דערקענט דעם כאווער פון זײַנע קינדער־יאָרן, טשארלי מעמפארד, וועלכער האָט געלעבט קעגניבער, דאָס איז געווען א וווקסיקער ווײַסער באָכער מיט א רויטן האלדז, געקלײדט ווי אן ארבעטער. ראָי האָט ארויסגענומען א הענטשקע און אים דערלאנגט די האנט. דער ווײַסער יונגערמאן האָט די האנט גענומען, אָבער געהאלטן האָט ער זי אין זײַנער זײער ניט לאנג. ראָי האָט, ווײַזט אויס, פארגעסן, אז ער איז ניט אין אייראָפּע, טראָגט הענטשקעס און דריקט די האנט פון א ווײַסן, מײַסע גוטער־ברודער, צו אלדי שווארצע יאָר!

— ווו ביסטו געווען, באָכערל? — האָט געפרעגט דער ווײַסער.

— אין פאריז, — האָט געזאָגט ראָי.

— צוליב וואָס זשע האָסטו זיך אומגעקערט? — האָט עמעצער, וואָס איז געשטאנען הינטער א באגאזש־וואָגן, אויסגעצויגן מיט א דאָרעמדיקן אקצענט.

— זיך פארוואָלט אהיים אומקערן, — האָט געזאָגט ראָי, — זען זיך מיט מײַן מוטער.

— כ'האָפּ, אז זי וועט זיך פרייען מיט דיר מער ווי מיר, — האָט אויסגעצויגן די שטימע פון אן אנדער ווײַסן יונגערמאן.

אזוי ווי קיין טרעגער זײַנען ניט געווען, האָט ראָי אלײן אופגעהויבן זײַנע טשעמאָדאנעס און זײ צוגעטראָגן צו א פארושאוועטן אלטן פערד, וואָס האָט אויסגעזען ווי א טאקסי. עס האָט אים געשווינדלט פאר די אויגן און ער האָט זיך געפילט שוואך. די אויגן פון די ווײַסע לײַט אפן וואָקזאל האָבן געקוקט אפ אים אומפרײַנטלעך, ער האָט געהערט ווי עמעצער האָט ארויסגעמאמלט: „שוואַרצהויטיקער“. די הויט האָט געברענט אפ אים. צום ערשטן מאָל פאר די לעצטע עטלעכע יאָר האָט ער דערפילט, אז ער באלאנגט צו א קאָלירטער ראסע. ער איז געווען אין דער היים.

3

זינג א דאָרעם־ליד! בוימוואָל, פלאצ אפ דער זון! שאָטן פון זייף־ביימער, טײַטל־פלוימען, פאלט צו דער ערד נאָכ א פריִען פראָסט־ווינט, פארזאָגט אפּאָסומען אפ ביימער אין אָקטיאבער־נעכט. אָ, הייסער זיסער קארטאָפל, די געלע אינגעווייד באַפוטערט!

— זון מײַנער, איכ בינ גליקלעכ, וואָס דו האָסט זיך אומגעקערט! וואָס קאָן דײַן באַ דיר צוגרייטן אזוינס צום עסן? כ'ווייס, האָסט זיך אויסגעהונגערט נאָכ

עמעסער שפּײַז: קאָרנ־ברויט אונ גרינס אונ געזאלצנ פלייש. גאָטעניו! ביסט דאָכ אזוי שיינ אָנגעטאָנ, מײַנ זיסער, אָבער אזוי אויסגעדארט... זונעלע, כ'האָפּ, אז דו וועסט פארבלײַבנ אינ דער היימ א ביסל... אונדזערע שווארצע מיידנ וועלנ אויס־גיינ נאָכ דיר. זיי קריגנ זיכ שוינ איבער דיר... ווענ דו שפּילסט אפ דײַנ פידל, טײַערער מײַנער, ווער איכ עפּעס ווי אָפּגעשוואכט, אזוי גוט קומט עס אויס בא דיר... טו א שפּיל אפ דער פידל, ייִנגעלע מײַנס! גאָט האָט דיר געשאָנקענ א מאַ־טאָנע! זיכער האָט ער עס געשאָנקענ... מאָדנע, ווי די ווײַסע לײַט אינ האָפּקינסוויל האָבנ שוינ דערהערט וועגנ דיר. די פרוי, בא וועלכער דײַנ שוועסטער ארבעט, האָט געזאָגט, אז זי האָט ערגעצ געלייענט וועגנ דעמ אָרקעסטער, אינ וועלכנ דו האָסט געשפּילט אינ פאריז. זי האָט אָנגעזאָגט דער שוועסטער, זי זאָל דיכ אראָפּ־ברענגענ צו איר אינ הויז ארײַנ, זאָלסט פאר איר שפּילנ. כ'האָב געזאָגט דער שוועסטער: איינמאָל פאר אלע מאָל—ניינ. ביסט ניט פונ די, וואָס גייענ ארומ שפּילנ איבער די הײַזער. כ'האָב איר געהייסנ זאָגנ דער ווײַסער פרוי, אז דו וועסט געבנ א קאָנצערט אינ קירכ, וו יעדערער קאָנ קומענ פארדינענ א מיצווע—באצאָלנ פינפ אונ צוואנציק סענט פאר גאָט־ליב אונ הערנ ווי דו שפּילסט. אזוי, ניט עמעס, זונעלע? דאָ אינ האָפּקינסוויל, וועסטו שפּילנ פאר גאָט. האָסט איבער גאנצ איירא־פּע דײַנער געשפּילט פארנ טײַוול יעדע נאכט... אָ, גאָט מײַנער! כ'דארפּ דאָכ ארויס־נעמענ ס'וועש פונ וואסער! אונ בייס דו וועסט זיכ איבנ, וועל איכ דיר אזוי אויס־באקנ א ראָזשינקעס־באבקע, כ'זע, אז ס'געפעלט דיר. מײַנ גאָלד, די מא דײַנע איז גליקלעכ, וואָס דו האָסט זיכ אומגעקערט אהיימ... שפּיל אפ דײַנ פידעלע, זונ מײַ־נער...

4

וױנער קאפּריז
אריע אפ דער סטרונע C
סאָנאטע אינ A-dur
Ave maria
ציגײַנער־טענצ.

איז ערגעצ אמאָל געווענ א הײַזקע, וואָס איז גענוג גרויס ארײַנעמענ אינ זיכ בראמסנ אונ בעטכאָווענען, באכנ אונ צעזאר פראנקנ? זיכער ניט שוועטטער טארעס הײַזקע אינ האָפּקינסוויל. ווענ ראָי פלעגט שפּילנ, פלעגנ די קלאנגענ ארויסרײַסנ זיכ דורכ די פענצטער, אונ אלע פארבײַגייער—ווײַסע אונ שווארצע—פלעגנ זיי הערנ. דער קלאסיקער בראמס אינ א נעגער־הײַזקע אינ דאָרעמ-עק פונ שטאָט מיסורי! אָ, גאָט מײַנער! איז שפּיל אפ דײַנ פידל, ראָי, הײַנט אָוונט איז דײַנ קאָנ־צערט.

די קירכ־מיטגלידער האָבנ פארקויפט א סאכ בילעטנ די ווײַסע לײַט, בא וועל־כע זיי האָבנ געארבעט. ראָיס ערשטער קאָנצערט אינ קירכ נאָכ זײַנ צוריקקער אהיימ איז געווענ א גרויסער פינאנציעלער דערפאָלג. די ערטער אינ די ערשטע רייענ האָבנ געקאָסט צו פופציק סענט, אונ זײַנענ געווענ פארנומענ דורכ ווײַסע. די איבעריקע ערטער האָבנ געקאָסט צו פינפ אונ צוואנציק סענט אונ זײַנענ געווענ פארנומענ ביז נעגערס. סײַ די מעטאָדיסטנ, סײַ די באפּטיסטנ זײַנענ געקומענ, פאר־

בעסנדיק װעגן זײערע קירכ־קריגערײַען. ס'זײַנען דאָרט געװען אסאך נעגער־מײדלעך מיט אָנגעפּודערטע פּענעמער.—ליבע שװארצע און ברױנע נעגער־מײדלעך מיט רױטע ליפּן, װאָס זײַנען געװען געװענדט צו ראָיען. װיפל טומל, פארשטיקטן געלעכטער, שטילע געשפּרעכן און רײעך פון פּארפיומען איז דאָרט געװען, ביז די קלײנע פינצטערע קירך איז אָנגעפילט געװאָרן מיט מענטשן. נײַע שיך האָבן געסקריפּעט אין די דורכגאנגען, דער עולם האָט אָנגעהױבן אפּלאָדירן, װײַל דער קאָנצערט האָט זיך שױן לאנג געדארפט אָנהײבן. אָנגעהױבן האָט ער זיך אין דער ג. װײנלעכער צײַט פאר נעגערס—שפּעט. די קירך איז געװען געפּאקט.

5

אלאָ, מיסטער בראמס, װאָס קומט אָן אפ א װינער פידל אין דער נעגער־קירך אין האָפּקינסװיל, מיסורי. די דינע, ברױנע פינגער פון א קראנקן יונגערמאן צװינגען אײַך צו זינגען פאר אן עולם פון אָרעמע װײַסע לײַט און נאָך אָרעמערע נעגערס. גוט אָװנט, מיסטער בראמס, איר זײַט אזױ װײַט פון דער הײם, װאנדערנדיק אזױ װי איר האָט געטרױמט,—מיט געזאנג איבער דער גאנצער װעלט. אױך איך האָב געטרױמט א טרױם, מיסטער בראמס, א טרױם, װעלכער קאָן איצט ניט מקױים װערן. א טרױם װעגן א ריזיקער בינע, װי קאַרנעגי־האל אָדער זאַלא־גאװאָ. און פון דאָרטן זינגט איר, מיסטער בראמס. אין דער פינצטער ארײַן איר זינגט מיט אזא קראפט און אופריכטיקײַט, אז די מענטשן קוקן אפ מיר, װי זײ קוקן אפ ראָלאנד הײזן, װען ער זינגט „באם צײלעם", יאָ, כ'האָב געטרױמט װעגן דעם אײדער איך בין קראנק געװאָרן און געמוזט זיך אומקערן אהײם.

און אָט גיב איך מײַן ערשטן קאָנצערט אין אמעריקע פאר מײַן מוטער און פאר דער קירך און טאר די האלב־און פערט־דאָלערדיקע, װאָס מע האָט ארײַנגעקראָגן אהער צוליב מיר און צוליב בראמסן אין גאָט זכוס. דאָס איז ניט קאַרנעגי־האָל... דאָס בין איך ערשט געקומען אהײם... אָבער זײ קוקן אפ מיר, זײ קוקן אלע אפ מיר. די װײַסע אין די פאָדערשטע רײען און די שװארצע אין די הינטערשטע, זײ קוקן אפ מיר, װי אײן פּאָר אויגן.

דאָס, מײַנע פרײַנט... כ'װאָלט געדארפט זאָגן, לײדיס און דזשענטלמענס (ס'זײַנען פאראן צװישן דעם עולם װײַסע מענטשן, און זײ זײַנען ניט מײַנע פרײַנט)... דאָס שפּיל איך איצט „Meditation" פון „טאיס", מוזיק פון מאסנע... דאָס איז דאָס צעבראָכענע הארץ פון א טרױם, װאָס איז פארװירקלעכט געװאָרן ניט אין דער װירקלעכקײַט. דאָס איז מוזיק און איך, װעלכער זיצ אפ דער שװעל פון דער װעלט און נײטיק זיך אזױ אין אײַך... א קערפּער פון לעבן און ליבע, מיט שװארצע הענט און ברױנע פיס און װײַסע בריסטן און גאָלדענעם פּאָנעם און ליפּן, װי א פידל, װאָס איז אױסגעבױגן פאר א ליד... האלט זיך, ראָי! ס'איז הײס אין דער געפּאקטער קירך, און דו ביסט טײַװליש קראנק... דאָס איז דער טרױם און דער טרױמער, װאָס בלאָנדזשעט פון האָפּקינסװיל ביז װין אין דעם מידבער א פארליבטער אין דער גאסן־מױד, װאָס הײסט מוזיק... הער נאָר, דו, צױג, כ'װיל דו זאָלסט זײַן אזױ שײן, װי די לעװאָנע באנאכט אפ די שפּיצן פון די בערג אין מיסורי. כ'װעל דיך מאכן שײן „Meditation" פון „טאיס"... געדענקסט מא (קעדי־

צו הערנ ווי איכ שפּיל. האָסטו הײַנט אָוונט פארנומענ דײַנ פּלאצ אינ ווינקל, ווי יעדנ זונטיק אינדערפרי, ווענ דו קומסט אהער צו פירנ א געשפּרעכ מיט גאָט) געדענקסט, מא, די קרײַסלער־פּלאסטינקע, וועלכע מיר פלעגנ שפּילנ אפנ גראמאָפאָנ מיט דער גרויסער טרובע ווענ איכ בינ נאָכ געווענ א ייִנגעלע. זי איז קיינעמ ניט געפעלנ געווענ אכוצ מיר, אָבער דיכ האָט ניט געהארט וויפל מאָל איכ זאָל זי ניט שטעלנ אונ שפּילנ פאר זיכ... וויאזוי האָסטו געקראָגנ פאר מיר א פידל? האָסט גיט געהאט מיט וואָס צו צאָלנ דעמ אלטנ מיסטער מילער פאר דעמ, וואָס ער האָט געלערנט מיט מיר איינ מאָל אינ וואָכ... זאָל גאָט בארויִקנ זײַנ ניט דערצאָלטע נעשאָמע, ווי די קאטאָליקנ זאָגנ... פארוואָס האָסטו געוויינט, מא, ווענ איכ בינ אוועק פונ דער היימ מיט דער טרופּע וואנדערנדיקע זינגער, קעדײ צו שפּילנ נעגער־לידער אָנשטאָט הײַנע איבערנ גאנצנ דאָרעמ? פארוואָס האָסטו געוויינט, מא, ווענ כ'האָב דיר געשריבנ, אז איכ וויל שפּילנ אינ א דזשאז־באנד פונ א קאבארע אפ סטייט־סטריט אינ טשיקאגאָ?.. פארוואָס האָסטו געבעטנ גאָט א גאנצע נאכט, ווענ כ'האָב דיר געזאָגט, אז כ'האָב אונטערגעשריבנ אנ אָפּמאכ אפ צו פאָרנ קיינ בערלינ צו שפּילנ דאָרט אינ א קאבארע? כ'האָב געפּרווּוט דערקלערנ דיר, אז די בעסטע לערער פונ פידל אפ דער וועלט זײַנענ פאראנ דאָרטנ אונ אז ווענ איכ וועל צוריקקומענ וועל איכ שפּילנ ווי קרײַסלער אפ דער פּלאסטינקע, וואָס מיר פלעגנ שטעלנ אפ דעמ אלטנ גראמאָפאָנ... פלעג איכ דענ ניט שיקנ דיר קיינ געלט פונ איראָפּע? געשאָטנ, ווי זאמד אינ די אויגנ... אָ, מײַנ טרוימ אפ דער שוועל פונ דער וועלט טאיס! טאיס! דו זעסט גאָר ניט אויס ווי טאיס, דו, דארע, ווײַסע פרוי אינ א ביליקנ מאנטל אונ אינ א רויטנ הוט. דו, ווײַסע פרוי, וואָס דו קוקסט אפ מיר פונ דײַנ פּלאצ אינ דער ערשטער ריי, זעסט אפילע קיינ טראָפּנדל ניט אויס ווי טאיס. וואָס ווילסטו די מוזיק זאָל דיר געבנ? וואָס ווילסטו פונ מיר?.. דאָס איז האָפּקינסוויל אינ שטאָט מיסורי... קוק אפ די אלע ברוינע מיידלעכ דאָרט צווישנ די נעגערס, וואָס ציִענ זיכ אזוי צו מיר אונ צו דער מוזיק. צומ ערשטנ מאָל האָט דער גרעסטער טייל פונ זיי דערזענ א מאנ אינ א פראק. צומ ערשטנ מאָל האָט דער גרעסטער טייל פונ זיי געהערט „Meditation" פונ „טאיס", צומ ערשטנ מאָל איז איינער פונ זייער ראסע צוריקגעקומענ אהיימ אונ געשפּילט אפ א פידל. זע, ווי זיי קוקנ מיט שטאָלצ אפ מיר אונ אפ מײַנ מוזיק, איבער די קעפּ פונ די ווײַסע אינ די ערשטע רייענ, איבער דעמ קאָפּ פונ דער ווײַסער פרוי אינ דעמ ביליקנ מאנטל אונ דעמ רויטנ הוט, פונ דער פרוי, וואָס פארשטייט מוזיק, ווער זײַט איר לעדי?

נאָכנ קאָנצערט האָבנ אפילע איניקע ווײַסע לײַט געדריקט ראָיס האנט אונ געזאָגט, אז ס'איז וווּנדערבאר. די קאָלירטע לײַט האָבנ געזאָגט: „אוי, באָכערל, קאָנסטו שפּילנ!" ראָיענ האָט דורכגענומענ א לײַכטער ציטער, זײַנע אויגנ האָבנ געברענט אונ ס'האָט זיכ אימ שרעקלעכ געוואָלט הוסטנ. א ווייטיק האָט זיכ אײַנגעשניטנ אימ אינ רוקנ. אָבער ער האָט געשמייכלט מיט זײַנ קאָנצערט־דזשאזבאנדישנ שמייכל, וועלכער איז אזוי געפעלנ די איראָפּעיִשע פרויענ, וואָס פלעגנ אויסגעבנ געלד אינ די קאבארע. אונ ער האָט אויסגעצויגנ צו יעדנ איינעמ זײַנ האנט, א הייסע פונ פיבער. די ווײַסע פרוי אונ דער רויטער הוט האָט געווארט פונדערווײַטנס.

ווענ דער האמוינ בא דער קירכ־קאטעדרע איז געוואָרנ שיטערער, איז די ווײַסע פרוי צוגעגאנגענ צו ראָ׳ענ אונ אים געדריקט די האנט. זי האָט גערעדט וועגנ סימפאָנישע קאָנצערטנ אינ סענט־לויִס, וועגנ דעם, אז זי איז א לערערנ פונ מוזיק פונ פירל אונ פּיאַנא, נאָר זי האָט ניט אזוינע שילער ווי ראָי, וועגנ דעם, אז קיינער האָט קיינמאָל ניט געשפילט אינ האָפּקינסוויל אזוי וווּנדערבאר, ווי ער. ראָי האָט געקוקט אפ איר דינעמ פּאָנעמ, באדעקט מיט זומער־שפּרינקלעכ, אונ איז געווענ צופרידנ, וואָס זי האָט פארשטאנענ זײַנ שפּילנ. ער איז געווענ צופרידנ, וואָס זי האָט ליב מוזיק.

— דאָס איז מיס ריז,—האָט אים געזאָגט זײַנ מוטער, ווענ יענע איז אוועקגעגאנגענ.—אנ אלטע מויד, א מוזיקערנ פונ דער מיטלשול פאר ווײַסע.

— יאָ, יאָ—האָט ראָי געזאָגט—זי פארשטייט מוזיק.

6

דאָס צווייטע מאָל איז אים אויסגעקומענ זיכ צו טרעפנ מיט מיס ריז אינ דער מיטלשול פאר ווײַסע, אינגיכנ נאָכ דעמ, ווי ס׳האָט זיכ אָנגעהויבנ דער הארבסט־סעמעסטער. איינמאָל אינדערפרי האָט ער געקראָגנ א צעטעלע מיט אנ אָנפראגע צי וואָלט ער ניט געוואָלט ווענ עס איז שפּילנ פאר איר קלאס. זי, מיס ריז, וועט אים אַקאָמפּאנירנ אויב ער וועט מיטברענגענ מיט זיכ די נאָטנ.—עס זעט אויס, אז איינער פונ אירע פליכטנ איז געווענ אופהויבנ דעמ מוזיק־ניוואָ אינ האָפּקינסוויל.—זי האָט דערציילט אירע סטודענטנ וועגנ באכנ אונ מאָצארטנ, אונ זי וואָלט אים געווענ זייער דאנקבאר אויב ער וואָלט באזוכט זייער שול אונ געשפּילט פאר איר יונגוואַרג די ווערק פונ אָט די צוויי גרויסע מײַסטער. זי האָט אים אָנגעשריבנ א פרײַנטלעכ צעטעלע אפ א ריינעמ ווײַסנ פּאַפּיר.

ראָי איז געגאנגענ אהינ. זײַנ מוטער האָט עס גערעכנט פאר א גרויסנ קאָווד, וואָס די מיטלשול פאר ווײַסע האָט אײַנגעלאדנ איר זונ, א נעגער, צו שפּילנ דאָרט.

— אָט די מיס ריז איזווירקלעכ א פײַנע פרוי,—האָט זי געזאָגט צו איר יינגל.—זי האָט געשיקט נאָכ דיר דו זאָלסט שפּילנ אינ דער שול. צומ ערשטנ מאָל אינ מײַנ לעבנ טרעפט, אז א נעגער זאָל ארײַנקומענ אהינ פאר עפּעס אנדערש ווי פאר אופראמענ—אונ איכ לעב דאָ אינ האָפּקינסוויל א היפּש ביסל יאָרנ. גיי, שפּיל פאר זיי, מײַנ זונ, שפּיל אינ באָטס זכוס.

ראָי האָט געשפּילט. ס׳איז אָבער געווענ איינער פונ יענע טעג, ווענ אינ האלדז איז אים געווענ הייס אונ טרוקנ, אונ זײַנע אויגנ האָבנ געברענט. ער האָט געהאט געהוסט דעמ גאנצנ פרימאָרגנ און, ביים ער האָט געשפּילט, איז אים געווענ שווער צו אָטעמענ, אונ ער איז געווענ אינגאנצנ באדעקט מיט שווייס. געשפּילט האָט ער שלעכט.

אָבער מיס ריז איז געווענ מער ווי פרײַנטלעכ צו אים. זי האָט אים אקאָמפּאנירט אפ דער פּיאַנא. אונ ווענ ער האָט פארענדיקט, האָט זי זיכ אויסגעדרייט צו די פארזאמלטע ווײַסע שילער, וואָס האָבנ זיכ צעלייגט אפ זייערע פּלעצער, אונ געזאָגט: „דאָס איז קונסט, מײַנע טײַערע יונגעלײַט, דאָס איז עמעסע קונסט!“

די שילער זײַנענ געקומענ אהיימ יענעמ טאָג אונ דערציילט זייערע עלטערנ, אז אַנ צוויסנעפּוצטער נעגער איז געקומענ צו זיי אינ שול מיט א פידל אונ האָט פאַר זיי געשפּילט עפּעס מאָדנע זאכנ, וועלכע זײַנענ קיינעמ, אחוצ מיס ריז, ניט געפעלנ געוואָרנ. ווײַטער האָבנ זיי דערציילט, אז מיס ריז האָט די גאנצע צײַט געקוואָלנ פונ נאכעס אונ אויסגעשריענ: „וואונדערבאר!" אונ אפילע זיכ פארנויגט פארנ נעגער ביימ ער איז אוועקגעגאנגענ.

ראָי איז געקומענ אהיימ אונ האָט זיכ ארײַנגעלייגט אינ בעט. יענע טעג איז אימ געוואָרנ דאָס ערגער, דאָס בעסער, ער איז געוואָרנ אלצ דארער אונ דארער, שוואכער אונ שוואכער, אָפּטמאָל האָט ער אפילע קיינ קויעכ ניט געהאט צו איבנ זיכ אפ זײַנ פידל. ער פלעגט זיכ אפילע ניט צורירנ צו די מײַכאָלימ, וואָס זײַנ מוטער פלעגט אימ צוגרייטנ, אָדער וואָס זײַנ שוועסטער פלעגט ברענגענ פונ דעמ הויז, ווו זי האָט געארבעט. אמאָל באנאכט, ווענ ס'פלעגט אימ ווערנ הייס אונ שווער, פלעגט ער אופשטיינ אונ זיכ אָנטאָנ, אפילע די קאמאשנ אונ געלע הענטשקעס, אונ פלעגט ארומוואנדערנ איבער די גאסנ פונעמ קליינעמ שטעטל ארומ צענ אָדער עלפ באנאכט, ווענ קימאט אלע האָבנ זיכ שוינ געלייגט שלאָפנ. האלב נאכט איז שוינ זייער שפּעט אינ האָפּקינסוויל. אָבער ראָי האָט יאָרנ לאנג געארבעט באנאכט. איצט איז אימ געווענ שווער אנטשלאָפנ צו ווערנ, איידער ס'פלעגט אָנהייבנ צו טאָגנ.

אָבער אינ א געוויסער נאכט איז ער ארויס פונ הויז צומ לעצטנ מאָל. די לעוואָנע איז אופגעגאנגענ אונ ווענ ראָי איז אופגעשטאנענ פונ בעט האָט ער קימאט ניט געדארפט אָנצינדנ דעמ נאפט-לאָמפּ קעדיי זיכ אָנצוטאָנ. ער איז אופגעשטאנענ פונ בעט. די לעוואָנע האָט ארײַנגעקוקט אינ זײַנ קליינעמ צימערל, זיכ געשפּרייט איבער דעמ ווײַסנ צורעק אפ זײַנ בעט, איבער די טשעמאָדאנעס מיט די פארביקע קוויטלעכ, וואָס זײַנענ געשטאנענ לעבנ דער וואנט. די לעוואָנע-שײַנ האָט זיכ אָפּגעשפּיגלט אפ די פלעשלעכ מיט רעפּועס, וואָס זײַנענ געשטאנענ אפנ נאכט-טישל. אָבער ראָי האָט אָנגעצינדנ דעמ לאָמפּ, קעדיי בעסער צו זענ זײַנ פּאָנעמ אינ דעמ אויסגעקרימטנ שפּיגל פונ דער שאפע. זײַנ פּאָנעמ, וואָס איז אמאָל געווענ ברוינ, איז איצט געוואָרנ אש-בלייכ, זײַנע באקנ זײַנענ אײַנגעפאלנ. ציטערנדיק האָט ער אָנגעטאָנ זײַנע קליידער, קאמאשנ אונ זײַנע געלע הענטשקעס אונ דעמ ווײַסנ פילצענעמ הוט, ער האָט אויכ אָנגעטאָנ א מאנטל. אינ האנט האָט ער גענומענ א שטעקעלע, וואָס ער האָט די לעצטע צײַט געטראָגנ גיכער פונ שוואכקײַט איידער פונ פוצ וועגנ, אונ ער איז ארויס אינ גאס, אינ דער לעוואָנע-ליכט פונ הארבסט.

דורכגייענדיק אפ די שפּיצ פינגער דורכנ עס-צימער, האָט ער געהערט ווי זײַנ מוטער כראָפּעט אפנ דיוואנ (זי האָט אימ אָפּגעטראָטנ איר צימער). די פּאָדערשטע טיר איז נאָכ ניט געווענ פארשלאָסנ. די ברידער, האָט ראָי געטראכט, שפּאצירנ נאָכ מיט זייערע מיידלעכ. די שוועסטער איז שוינ געשלאָפנ.

אינ גאס איז געווענ שטיל: פארנעפּלט פונ לעוואָנע-שײַנ זײַנענ די ביימער געשטאנענ האלב-אָנגעטאָנ אינ דעמ אָרעמענ פוצ פונ די ביסל פארבליבענע הארבסט-בלעטער, ראָי איז געגאנגענ אונטערנ רעגנ פונ טרוקענע פאלנדיקע בלעטער צומ ימער פונ שטאָט, האָט געשלונגענ די לעוואָנע-שײַנ לופט אונ געדרייט אינ האנט עלע. די נאכט אונ די גאסנ פלעגנ שטענדיק האָבנ אפ אימ א גוטע וויר־

קונג. ער האָט זיכ דערמאָנט אָנ די פאריזער בולוואַרנ אונ די בערלינער „אונטער־דענ־לינדנ". ער האָט זיכ דערמאָנט ווי טאובער זינגט „ווינ, די שטאָט פונ מײַנע טרוימענ". זײַנע געדאנקענ האָבנ זיכ אומגעקערט צו די פײַערנ אונ צו דער מוזיק פונ די איראָפּעיִשע שטעט: „ווי ענלעכ עס איז צו א כאָלעס,— האָט ער געטראכט,— איז ער ווענ עס איז געווענ אינ איראָפּע? מא האָט קיינמאָל קיינ געלט ניט געהאט. אירע קינדער האָבנ קוים־קוים געענדיקט די אָנפאנג־שול. ס'איז ניט געווענ קיינ איינ העכערע שול פאר נעגערס אינ האָפּקינסוויל. אים איז געבליבנ בלויז איינ וועג קעדיי צו פאָרזעצנ זײַנ בילדונג: אנטלויפנ מיט די וואנדערנדיקע זינגער. אונ דאנ די מעגלעכקײַט צו פאָרנ מיטנ דזשאזבאנד קיינ בערלינ. אונ זײַנ פידל, וואָס האָט אים די גאנצע צײַט פארביטנ א געליבטע—אונ די בעסטע לערער, וואָס ער האָט זיכ געקענט דערלויבנ בא זײַנע פארדינסטנ. דזשאז באנאכט אונ די קלאסיקער באטאָג. שווערע ארבעט אונ שווערע לער, ביז זײַנ פידל האָט אָנגעהויבנ שפילנ, ווי א מענטשלעכ הארצ. מוזיק, עכטע מוזיק, אונ דאנ האָט ער אָנגעהויבנ הוסטנ אינ בערלינ".

דאָ, אפ דער ליכטיקער הויפּט־גאס האָט ראָי באגעגנט אסאכ מענטשנ אָבער ער האָט קיינעמ פונ זיי ניט געזענ. ער האָט געזענ בלויז טרוימענ אונ דערינערונגענ אונ געהערט מוזיק. אייניקע האָבנ זיכ אָפּגעשטעלט צו באקוקנ אונ איראָניש א שמייכל צו טאָנ, באמערקנדיק דעמ עלעגאנטנ איראָפּעיִשנ מאנטל אפ זײַנ דארנ, ברוינעמ קערפער. קאמאשנ אונ א שטעקעלע בא א יונגנ נעגער אינ האָפּקינסוויל, שטאָט מיסורי! וואָס טראכטסטו בא זיכ, דו? עפּעס איינער אָדער צוויי יינגלעכ האָבנ אויסגעמיאוקעט, ווי קעצ „העי, שווארצער!" אָבער אלצ וואָלט אראָפּ גלאטיק, די פארבײַגייער וואָלטנ בלויז געלאכט אָדער געמאכט א באמערקונג אָדער זיכ אויסגעשאָלטנ, ווענ פונקט אינ דעמ מאָמענט, ביימ ראָי איז פארבײַגעגאנגענ, וואָלט פונ אפטייק ניט ארויסגעגאנגענ א ווײַסע האלב־פארוועלקטע פרוי אינ א ביליקנ מאנטל אינ א רויטנ הוט, אונ ווענ זי וואָלט אימ ניט באגריסט פרײַנטלעכ: „גוט אָוונט!"

ראָי האָט א ציטער געטאָנ. זיכ פארנויגט אונ פארבויגנ דעמ קאָפּ, „גוט אָוונט, מיס ריו". ער האָט זיכ דערפרייט, דערזעענדיק זי. פארגעסנדיק, אז ער איז ניט אינ איראָפּע, האָט ער אראָפּגענומענ זײַנ הוט אונ די הענטשקעס אונ האָט אויסגעצויגנ די האנט צו דער לעדי, וואָס האָט פארשטאנענ מוזיק. זיי האָבנ געשמייכלט איינער צומ צווייטנ—דער קראנקער קאָלירטער יונגערמאנ אונ די וועלקנדיקע מוזיק־לערערנ—אפ דער ליכטיקער הויפּט־גאס, דאנ האָט זי אימ געפרעגט, צי ער ארבעט נאָכ אלצ איבער סאראסאטע.

— יאָ,—האָט געזאָגט ראָי,—ס'איז פראכטפול.

— האָט איר געהערט די זאכ אפ דער וווּנדערלעכער גראמאפאָנ־פּלאסטינקע אינ כייפעצעס אויספּילונג?—האָט מיס ריו געפרעגט.

ראָי האָט געעפנט ס'מויל צו ענטפערנ, נאָר ער האָט באמערקט, ווי די פרוי איז מיטאמאָל בלייכ געוואָרנ פונ שרעק. איידער ער האָט באוויזנ זיכ אומדרייענ קעדיי פעסטצושטעלנ וואָס אירע אויגנ האָבנ דערזענ, האָט ער דערפילט אינ קינ א קלאפּ פונ א פויסט, וואָס איז געווענ שווער ווי א טאָנע ציגל. א בליצ האָט זיכ די... דיטנ דורכ זײַנ מארכ ביימ ער האָט זיכ א קלאפּ געטאָנ מיטנ קאָפּ אָנ...

נאָכ באמ צאריזמ, אינ די צײַטנ פונ אונטערערד, האָבנ די באָלשעוויקעס־פראָפאגאנדיסטנ אונטערגעריכטעט געשיכטע אינ די ארבעטער־קרײַזנ. צו די פארנעמונגענ אינ די קרײַזנ זײַנענ געווענ באזונדערע פראָגראמעס אפ געשיכטע, וועלכע האָבנ באקאנט די מיטגלידער פונ די קרײַזנ מיט דער פראנצויזישער בורזשואזער רעוואָליוציע פונ 1789 יאָר, מיט דער רעוואָליוציע פונ 1848 יאָר, מיט דער פאריזשער קאָמונע, מיט דער געשיכטע פונ לײַבייגנטומ אונ פונעמ רעוואָליוציאָנערנ קאמפ אינ רוסלאנד. ברייט פאנאנדערוויקלענדיק די פראָפאגאנדע פונ די היסטאָרישע קענטענישנ דורכ פארשיידענערליי לעקציעס, שמועסנ, ארטיקלענ אינ דער אלגעמיינער פרעסע, האָט אונדזער פארטיי שוינ אינ די יאָרנ פונ בירגער־קריג, פונ קאמפ קעגנ די אינטערווענטנ אוועקגעשטעלט די פראגע וועגנ שאפנ א לערנבוכ פונ געשיכטע. באקאנענ די ארבעטנדיקע מאסנ מיט דער געשיכטע פונ דער פארגאנגענהײַט פונ אונדזער לאנד איז געוואָרנ אלצ מער אונ מער די טאָגטעגלעכע זאכ פונ דער ארמיי פארטייִשע פראָפאגאנדיסטנ אונ לעקטאָרנ פונ געשיכטע. פירנ דעמ אונטערריכט אָנ א לערנבוכ איז געווענ זייער שווער. דער ערשטער לערנבוכ איז אינגיכנ געוואָרנ דאָס ביכל פונ מ. נ. פאָקראָווסקי — „די רוסישע געשיכטע אינ דער סאמע קורצער אופאסונג". וואָס איז דערשינענ אינ 1920 יאָר (1־טע־2־טע טיילנ).

פונעמ בריוו, וועלכנ עס האָט אָנגעשריבנ וו. אי. לענינ פאָקראָווסקינ, איז קלאָר, אז לענינ איז געווענ ניט צופרידנ מיט דעמ דאָזיקנ לערנבוכ. אינ טאָכ גענומענ, האָט לענינ אינ דעמ דאָזיקנ בריוו פארגעלייגט פאָקראָווסקינ איבערארבעטנ דאָס ביכל אפ אזא אופנ, אז די *שטודירנדיקע זאָלנ וויסנ די פאקטנ* (אינעמ בריוו איז עס אונטערגעשטראָכנ צוויי מאָל), עס זאָל ניט זײַנ קיינ „*אויבער־פלעכלעכקײַט*" (אונטערגעשטראָכנ דורכ וו. אי. לענינענ) מע זאָל זיכ לערנענ פארגלײַכנ די אלטע וויסנשאפט אונ די נײַע.

צומ באדויערנ, האָט פאָקראָווסקי ניט געקענט אויספילנ די דאָזיקע אָנווײַזונגענ פונ וו. אי. לענינענ אונ האָט ניט דורכגעפירט קיינ קארדינאלע איבערארבעטונג פונ זײַנ לערנבוכ, צוגעבנדיק בלויז עטלעכע טאבעלעס אפ כראָנאָלאָגיע, אָנרופנדיק זיי „סינכראָניסטישע". דער לערנבוכ איז געבליבנ אינ דעמ זעלבנ אויסזענ, ווי ער איז ארויסגעגעבנ געוואָרנ אינ אָנהייב, דערנאָכ איז ער דערשינענ אינ אסאכ אופלאגעס, זײַענדיק זייער א פארשפרייטער הילפס־בוכ אפ געשיכטע אינ דער נעצ פונ דער פאָלקס־בילדונג, פונ דער פארטייִשער אונ אלגעמיינער בילדונג.

די פעלערהאפטע היסטאָרישע קאָנצעפציעס אינ פאָקראָווסקיס ארבעטנ האָבנ שוינ פונ לאנג צוגעצויגנ צו זיכ די אויפמערקזאמקײַט פונ די פארטייִשע אונ היסטאָרישע וויסנשאפטלעכע קרײַזנ. אזוי צ. ב., נאָכ אינ 1923 יאָר, ווענ עס איז דערשינענ דער דריטער טייל פונ פאָקראָווסקיס „רוסישער געשיכטע אינ דער סאמע קורצער אופאסונג" האָבנ די היסטאָריקער אײַנגעאָרדנט אינ אינסטיטוט פונ דער רויטער פראָפעסור א ספעציעלנ דיספוט וועגנ דעמ דאָזיקנ בוכ, פאָקראָווסקינ האָט מענ אָנגעוויזנ, אז זײַנע קאָנצעפציעס אונ באזונדערס זײַנ אײַנשטעלונג וועגנ „האנדל־קאפיטאליזמ" ווידערשפרעכנ יענע אָנווײַזונגענ, וואָס געפינענ זיכ אינ מארקס ווערק. אָבער די קריטיק, וואָס איז געגאנגענ פונ פאָקראָווסקיס שילער, איז געווענ זייער ניט קיינ דרייסטע אונ ניט קיינ זיכערע. פאָקראָווסקי אליינ האָט פארטיידיקט

זײַנע אײַנשטעלונגענ אונ אינ די נײַע אויסגאבעס פונ לערנבוכ פלעגט ער ארײַנטראָגנ בלויז באזונדערע קלײנע אויסבעסערונגענ, איבערלאָזנדיק ניט געענדערט זײַנע גרונט־שטעלונגענ אונ באזונדערס זײַנ טעאָריע װעגנ „האנדל־קאפיטאל אינ מאָנאָמאכס היטל“.

עס זײַנענ דורכגעגאנגענ א רײ יאָרנ. אפנ היסטאָרישנ פראָנט האָבנ אלצ אָפטער אונ אײַנגעשפּארטער זיכ אָנגעהויבנ הערנ שטימענ קעגנ די גרונט־שטעלונגענ אינ פּאָקראָװסקיס ארבעטנ. דאָס האָט זיכ באזונדערס געלאָזט פילנ אונ דער דיסקוסיע פונ 1929 יאָר װעגנ די געזעלשאפטלעכ־עקאָנאָמישע פאָרמאציעס אינ רוסלאנד. אָבער די קריטיק איבער פּאָקראָװסקיס אײַנשטעלונגענ האָבנ א רײ זײַנע שילער אויכ אינ דער דאָזיקער דיסקוסיע געפירט, שטײענדיק אפ ניט קײנ ריכטיקע, אנטי־מארקסיסטישע פּאָזיציעס. צ. ב., אײנער פונ אזוינע קריטיקער האָט פאָרגעלײגט פארבײַטנ פּאָקראָװסקיס אײַנשטעלונגענ װעגנ דער פּעריאָדיזאציע פונ דער געשיכטע פונ פססר מיט א נײַער טײלונג אירער אפ צענ געזעלשאפטלעכ־עקאָנאָמישע פאָרמאציעס. דער דאָזיקער פאָרשלאג איז געװענ אנ אבסאָליוט ניט־מארקסיסטישער, ניט־לענינישער, ער האָט באװיזנ, אז די, װאָס קריטיקירנ פּאָקראָװסקינ, שטײענ װײַט פונעמ מארקסיזמ אונ פונ לענינס אונ סטאלינס אָנװײַזונגענ װעגנ די גרונט־פראגנ פונ געשיכטע. אָבער די דיסקוסיע פונ 1929 יאָר איז פונדעסטװעגנ געװענ ניט קײנ פּרוכטלאָזע. זי האָט געצװוּנגענ אסאכ היסטאָריקער מער פארטיפערט דערלערנענ די ארבעטנ פונ מארקסנ, ענגעלסנ, לענינענ, סטאלינענ אונ אינ לעצטנ סאכאקל דערנעענטערנ זיכ צו דער ריכטיקער לײזונג פונ די היסטאָרישע פראגנ.

אינ 1931 יאָר איז דערשינענ י. װ. סטאלינס העכסט־װיכטיקער בריװ אינ רעדאקציע פונ זשורנאל „פּראָלעטארסקאיא רעװאָליוציא“ — „װעגנ אײניקע פראגנ פונ דער געשיכטע פונ באָלשעװיזמ“. אינ דעמ דאָזיקנ בריװ האָט דער כאװער סטאלינ צעגראָמירט די אנטימארקסיסטישע, אנטילענינישע אײַנשטעלונגענ, מיט װעלכע עס זײַנענ געװענ דורכגעדרונגענ די לערנביכער אפ געשיכטע פונ פּארטײ, װאָס זײַנענ דעמאלט געװענ אינ גאנג. פעלערהאפטע אײַנשטעלונגענ, אפ װעלכע עס האָט אָנגעװיזנ דער כאװער סטאלינ, זײַנענ אָנ שומ צװײפל געװענ דעמאלט אויכ בא די היסטאָריקער פונ פססר. כאװער סטאלינס בריװ האָט אויסגעגלײַכט די אָפּנײגנ, װאָס זײַנענ געװענ סײַ בא די היסטאָריקער פונ פּארטײ, אזוי אויכ בא די היסטאָריקער פונ פססר.

אינגיכנ האָט די פּארטײ זיכ דירעקט פארנומענ מיט די פראגנ פונ אונטעריכטנ די בירגערלעכע געשיכטע אינ שול. דער פאָלקאָמבילד האָט אינ יענער צײַט זיכ נאָכ אלצ געהאלטנ בא די אָנשויזונגענ, װאָס האָבנ געבראכט צומ ארויסטרײַבנ די געשיכטע פונ שול אונ צומ פארבײַטנ זי מיט געזעלשאפט־קענטעניש. די פּארטײ האָט קאטעגאָריש פארורטײלט די דאָזיקע ליניע פונ פאָלקאָמבילד. אינ דער באשטימונג פונ ראטפאָלקאָמ פונ פססר אונ פונ צק אלקפּ(ב) פונ 15 מײַ 1934 יאָר איז אָנגעװיזנ געװאָרנ, אז די לערנביכער אונ דער אונטעריכט גופע פונ געשיכטע אינ שול „טראָגנ אנ אבסטראקטנ, סכעמאטישנ כאראקטער. אָנשטאָט צו לערנענ די בירגערלעכע געשיכטע אינ א לעבעדיקער אינטערעסאנטער פאָרמ, איבערגעבנדיק די װיכטיקסטע געשעענישנ אונ פאקטנ אינ זײער כראָנאָלאָגישנ סײ־

דער, כאראקטעריזירנדיק די היסטאָרישע טוער—טראָגט מענ אונטער די שטודירנדיקע אנ אבסטראקטע פאָרמולירונג פונ די געזעלשאפטלעכ־עקאָנאָמישע פאָרמאציעס, פארבײַטנדיק אפ אזא אופנ די קאָנקרעטע איבערגעבונג פונ דער בירגערלעכער געשיכטע אפ אבסטראקטע סאָציאָלאָגישע סכעמעס".

צו דער זעלבער צײַט געהערט אויכ דער פרווו צו שאפנ נײַע לערנביכער אפ געשיכטע פונ פססר אנטשפרעכיק צו די אויבנגעבראכטע אָנווײַזונגענ פונ דער פארטיי אונ רעגירונג. איניכנ האָט זיכ ארויסגעוויזנ, אז די „היסטאָריקער", וואָס האָבנ זיכ גענומענ פארנ צונויפשטעלנ די לערנביכער, האָבנ זיכ ניט נאָר ניט באפרײַט פונ פּאָקראָווסקיס ניט־ריכטיקע, אנטימארקסיסטישע, אנטילענינישע אײַנשטעלונגענ אפנ געביט פונ געשיכטע פונ פססר, נאָר האָבנ ארײַנגעטראָגנ אינ איר נאָכ מער שעדלעכע אייגענע פארקריפלונגענ. די דאָזיקע „צונויפשטעלער" האָבנ געפרווט דורכשלעפנ אינ א ריי שטעלונגענ אזוינע טעאָריעס פונ היסטאָרישנ פראָצעס, וואָס זײַנענ געווענ בלויז צום גונסטנ די סאָנים פונ פאָלק. צווישנ זיי איז געווענ דער פאראנטוואָרטלעכער אָנפירער מיטנ צונויפשטעלנ דעם לערנבוכ אפ געשיכטע פונ פססר וואנאג, זײַנ מיטאוטאָר פּיאָנטקאָווסקי אונ אנדערע, איצט דעמאסקירטע ווי סאָנים פונ פאָלק, ווי אגענטנ פונעם באנדיט טראָצקי. די קאָנספעקטנ פונ די לערנביכער פונ די דאָזיקע שעדיקער זײַנענ שארפ קריטיקירט געוואָרנ דורכ די כאווײרים סטאלינ, קיראָוו אונ זשדאנאָוו, וועלכע האָבנ צוגעשטעלט אינ צק פונ פארטיי אונ ראטספאָלקאָם פונ פארבאנד ססר זייערע „באמערקונגענ וועגנ דעם קאָנספעקט פונ לערנבוכ אפ געשיכטע פונ פססר". דאָס צעגראָמירנ פּאָקראָווסקיס שול אונ די טראָצקיסטישע אגענטור האָט געהאט א באשליסנדיקע באדײַטונג פארנ אויסגלײַכנ די ליניע פונ היסטאָרישנ פראָנט. די באשטימונגענ פונ דער פארטיי אונ רעגירונג בענעגייע געשיכטע, וואָס זײַנענ געקומענ נאָכ די „באמערקונגענ וועגנ דעם קאָנספעקט פונעם לערנבוכ אפ געשיכטע פונ פססר", וואָס די כאווײרים סטאלינ, קיראָוו אונ זשדאנאָוו האָבנ צוגעשטעלט, זײַנענ געלייגט געוואָרנ אינ גרונט פונ דער ארבעט פונ די אווטאָרנ, וועלכע האָבנ אינ מארט 1936 יאָר זיכ אײַנגעשלאָסנ אינעם קאָנקורס אפנ בעסטנ לערנבוכ אפ געשיכטע פונ פססר פאר דער אָנפאנג־שול. די אָנווײַזונג פונ דער זשורי פונ קאָנקורס וועגנ אומבאדינגט אײַנשליסנ אינ דעם דאָזיקנ לערנבוכ עלעמענטנ פונ דער אלגעמיינער געשיכטע אונ פונ דער געשיכטע פונ די פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד האָט פאָרויסבאשטימט די סכעמע פונעם „קורצנ קורס פונ דער געשיכטע פונ פססר". די אָנווײַזונגענ פונעם כאווער סטאלינ די צונויפשטעלער פונ די לערנביכער אפ פארטיי־געשיכטע, וואָס זײַנענ פובליקירט געוואָרנ אינ 1937 י., האָבנ געזיכערט די ריכטיקע פעריאָדיזאציע פונ דער געשיכטע פונ פססר פונ XX יאָרהונדערט באם איבערארבעטנ דעם לערנבוכ.

דער „קורצער קורס פונ דער געשיכטע פונ פססר" איז צונויפגעשטעלט געוואָרנ דורכנ קאָלעקטיוו פּראָפעסאָרנ אונ לעקטאָרנ פונ דער קאפעדרע פאר געשיכטע פונ פססר באם מאָסקווער מעלוכישנ פעדאגאָגישנ אינסטיטוט א. נ. א. ס. בובנאָוו. איבערנ לערנבוכ האָבנ אויכ געארבעט לעקטאָרנ פונ אנדערע העכערע אונ מיטלע לערנאנשטאלטנ אונ אויכ לערער פונ אָנפאנג־שולנ. דעם טעקסט פונ לערנבוכ האָט צונויפגעשטעלט א באזונדער בריגאדע אווטאָרנ, וואָס האָט געארבעט אונטער דער

אומיטלבארער אָנפירונג פונ די פראָפעסאָרנ א. וו. שעסטאקאָװ אונ נ. ג. סאראסאָוו װעלכער האָט געװיכערט די ריכטיקע לײזונג פונ די מעטאָדישע פראגנ פונעם לערנבוכ אונ דעמ אָפקלײַב פונ די אילױסטראציעס.

אויסער דעמ, איז דער טעקסט פונעמ לערנבוכ ניט אײנמאָל קאָנטראָלירט געוואָרנ דורכ לערער פונ אָנפאנג־שולנ פונעמ שטאנדפונקט פונ זײַנ צוגענגלעכקײַט פאר די שילער פונ 3־טנ אונ 4־טנ קלאסנ פונ דער אָנפאנג־שול.

קעדײַ ברײטער אויסנוצנ די מעטאָדישע דערפארונג, זײַנענ צו דער מיטארבעט אײַנגעלאדנ געוואָרנ היסטאָריקער מעטאָדיסטנ פונ אנדערע לערנאנשטאלטנ, מיט זײער הילפ זײַנענ אויסגעפאָרשט געוואָרנ די לערנביכער אפ געשיכטע פאר די אָנפאנג־שולנ—די פראנצויזישע, ענגלישע, דײַטשישע, דענישע, טשעכאָסלאָוואקישע, שוועדישע, אמעריקאנישע, אײנ יאפאָנישער לערנבוכ אונ אויסער דעמ א גרויסע צאָל לערנביכער פונ דער רוסישער ביז־רעוואָליוציאָנערער שול. די אויסגעארבעטע צײַגערס פונעמ מעטאָדישנ ווערט פונ די אָדער יענע זײַטנ פונ די דערלערנטע לערנביכער האָבנ די צונויפשטעלער פונעמ טעקסט גלײַכ אויסגענוצט. פאר אנ אמערסטנ בעלונגענעמ אינ מעטאָדישנ זינ איז אנערקענט געוואָרנ דער פראנצויזישער אָנפאנגלעכער לערנבוכ אפ געשיכטע.

ווענ דעמ סאָוועטנפארבאנד האָט באזוכט דער פראנצויזישער מיניסטער פאר פאָלקס־בילדונג ה׳ זשאנ זיי אינ 1937 י., איז אימ אונטערגעטראָגנ געוואָרנ אינ נאָמענ פונ די צונויפשטעלער דער „קורצער קורס פונ געשיכטע פונ פססר״ מיט אנ אופשריפט, ווו עס איז אָנגעוויזנ געוואָרנ, אז דער פראנצויזישער לערנבוכ פונ געשיכטע פאר דער אָנפאנג־שול מיט זײַנ דײַטלעכער אונ קלאָרער מעטאָדיק איז אויסגענוצט געוואָרנ דורכ די צונויפשטעלער פונעמ „קורצנ קורס״ אלס ווערטפולער מעטאָדישער הילפס־מאטעריאל פונ דער גאנצער ליטעראטור פונ דעמ מינ.

די פאָרשונגענ פונ די מעטאָדיסטנ־היסטאָריקער האָבנ געהאָלפנ אײַנשטעלנ די עקסט־וויכטיקע דאָזירונג פונ דער אָנגעזאפטקײַט פונעמ לערנבוכ מיט היסטאָרישע נעמענ, דאטעס, געאָגראפישע באגריפנ אונ מיט דער צאָל ניט נאָר ווערטער, נאָר אויכ צייכנס אינ א לעקציע, בא דער קעסיידערדיקער פארגרעסערונג זײערער צוזאמענ מיטנ וווּקס פונ די שילער. דאָס האָט אפ אסאכ מיטגעהאָלפנ דערצו, וואָס דער נײַער לערנבוכ האָט זיכ ארויסגעוויזנ אלס אמערסטנ פאשטענדלעכ פאר די קינדער. א קאָלאָסאלנ נוצ אינ דער ריכטונג האָבנ געגעבנ פאר די צונויפשטעלער פונעמ לערנבוכ די קינדער אלײנ. פונ די קינדער, וואָס זײַנענ צונויפגערופנ געוואָרנ אפ דורכקאָנטראָלירנ די לעקציעס, האָבנ די צונויפשטעלער פונעמ לערנבוכ אלײנ, ווי שילער, געהוּארט אנ ענטפער אפ דער פראגע:

„צי וועלנ זיי פארשטײנ אָדער זיי וועלנ ניט פארשטײנ?״

די קינדערשע אאודיטאָריע האָט געגעבנ אנ ענטפער: דער לערנבוכ איז איבערבעלאָדנ מיט א גרויסער צאָל דאטעס, נעמענ, באגריפנ. עס איז זיי שווער צו פארשטײנ, נאָכ שווערער איז צו פארגעדענקענ. דעמ לערנבוכ האָט מענ געדארפט פארקירצנ, פארײנפאכנ. דאָס איז געווענ אינ אָנהײב יונ 1936 י. צומ טערמינ פונ קאָנקורס איז פארבליבנ ווײניקער פונ אָנדערהאלבנ כאדאָשימ. דער לערנבוכ איז איבערגעמאכט אונ פארענדיקט געוואָרנ צומ טערמינ—צומ 15־טנ יול 1936 י. אינ

אים זײַנען געווען ביז 14 דרוק־בויגנ, אַנשטאָט די 20 דרוק־בויגנ, וואָס זײַנען אָנגעוויזנ געוואָרן אין די באַדינגונגען פון דער זשורי פון קאָנקורס. אָבער באַדויערן ווענג דעם איז ניט אויסגעקומען. פאַרקערט, דעם לערנבוך האָט מען געדאַרפט נאָכמער פאַרקירצנ. באַם איבערמאַכן דעם לערנבוך אין 1937 י. האָט זיך אײַנגעגעבנ דערפירנ זײַן גרויס ביז 10 א האַלבע דרוק־בויגנ טעקסט, ד. ה. קימאַט ביז א העלפט פון יענעם פאַרנעם פון לערנבוך, וועגן וועלכן עס איז גערעדט געוואָרן אין דער באַשטימונג פון דער זשורי פון קאָנקורס.

אינעם ערשטנ וואַריאַנט פונעם לערנבוך, וואָס איז פאָרגעשטעלט געוואָרן אפן קאָנקורס, זײַנען געווען אייניקע דעטאַלנ, וועלכע האָבן לעבעדיק געמאַכט דעם טעקסט. קעדיי נאָך אײַנדרוקפולער באַווײַזן די אָדער יענע היסטאָרישע פאַקטנ, געשעענישן אָדער פּערזאָנען האָבן די צונויפשטעלער גענומען ליטעראַרישע פראַגמענטן, לידער, צומאָל היסטאָרישע אַנעקדאָטן א. א. וו. עס איז אויך אָנגעווענדעט געוואָרן די היסטאָרישע אויסטראַכטונג. צ. ב., אין איינעם פון די קאַפּיטלען איז דערציילט געוואָרן וועגן דעם, אז איינמאָל אינדערפרי האָט יעקאַטערינע די 2־טע באַקומען א גרויסן פּאַקעט פונעם רוסישן אַמבאַסאַדאָר פון פראַנקרײַך און ווען זי האָט געעפנט דעם דאָזיקן פּאַקעט, איז מיט איר פאָרגעקומען א היסטעריק, ווײַל דער אַמבאַסאַדאָר האָט געשריבן, אז אין פראַנקרײַך האָט זיך אָנגעהויבן א רעוואָליוציע. דער גאַנג פון דער פראַנצויזישער בורזשואַזער רעוואָליוציע איז דערנאָך באַוויזן געוואָרן אין לערנבוך אין דער פאָרם פון בריוו צווישן יעקאַטערינע דער צווייטער און איר אַמבאַסאַדאָר אין פראַנקרײַך. דער פאַקט, וואָס דער פראַנצויזישער קעניג און מאַריאַ־אַנטואַנעטאַ האָבן, גרייטנדיק זיך צום אַנטלויפן פון פראַנקרײַך, געהאַט בא זיך רוסישע פּאַספּאָרטן, איז באַוווּסט געווען די צונויפשטעלער אויך פריִער, אָבער דער כאַראַקטער גופע פון באַשרײַבן די געשעענישן פון דער רעוואָליוציע, דאָס איבערגעבן זיי אין דער פאָרם פון בריוו צווישן יעקאַטערינע דער צווייטער און איר אַמבאַסאַדאָר איז געווען א באַזונדערער מעטאָדישער מיטל פון די אויטאָרן, זייער אויסטראַכטונג.

די רעגירונג־קאָמיסיע האָט אָנגעוויזן, אז די קינדער דאַרף מען ניט צוגעוווינען צו אַזוינע ניט קיין דורכגעקאָנטראָלירטע היסטאָרישע ידיִעס. אינעם לערנבוך טאָרן אויך ניט זײַן קיינשום אויסטראַכטענישן, וואָס זאָלן פאַרטושירן דעם גרונט־אינהאַלט פון קורס. און מיר זײַנען מיט דעם אינגאַנצן מאַסקים געווען. ריכטיק איז אויך געווען א צווייטע אָנווײַזונג פון דער רעגירונג־קאָמיסיע—וועגן אַרויסנעמען פונעם לערנבוך די פאַרשיידענערליי „ליטעראַרישע באַפּוצונגען”, וואָס וואָלטן געקאָנט אָפּווענדן די אויפמערקזאַמקײַט פון די קינדער פונעם גרונט־אינהאַלט פון טעקסט פונעם לערנבוך.

אָבער דער דאָזיקער לעצטער אומשטאַנד—דאָס אַרויסנעמען פונעם לערנבוך דעם בעלעטריסטישן מאַטעריאַל—באַטײַט גאָרניט, אז דער לערער טאָר ניט אויסנוצן אין דער אַרבעט מיט די שילער די דאָזיקע מאַטעריאַלן, אַלס אַזוינע, וואָס קענען מיטהעלפן די שילער צו באַהערשן די געשיכטע. דער לערער מוז אומבאַדינגט אַרײַנפירן צוגאָבלעכע דערציילונגען אין די לעקציעס פון לערנבוך, אילוסטרירנדיק זיי מיט פראַגמענטן פון ראָמאַנען, דערציילונגען, אָטשערקן, לידער א. א. וו. דער

לערנבוכ ביז צו וויסנ דעמ שילער בלויז די פולקאָמ נייטיקע, וויכטיקסטע היסטאָרישע פאקטנ אונ באגריפנ אונ דערקלערט אימ די וויכטיקסטע היסטאָרישע געשעענישנ אונ זייער פארבינדונג. אָנ דער הילפ פונעמ לערער וועלנ די קינדער ניט קענענ באהערשנ דעמ מאטעריאל פונ לערנבוכ.

וואָס זשע פארא נײַס איז פאראנ אינעמ לערנבוכ אינ הינזיכט פונ מעטאָדאָלאָגישע אײַנשטעלונגענ, וואָס זײַנענ פונדאָסנײַ ארײַנגעטראָגנ געוואָרנ אינ געשיכטע אלס וויסנשאפט? ווי איז קאָנקרעטיזירט געוואָרנ אינעמ לערנבוכ דער קאמפ פונ דער פארטיי קעגנ דעמ פארקריפלענ די געשיכטע מיצאד פּאָקראָווסקינ אונ זײַנ שולכל?

די געשיכטע פונ רוסישנ פאָלק איז אינעמ לערנבוכ דער גרונט־זײַל, אָבער צוזאמענ מיט דעמ באקאַנט דער נײַער לערנבוכ די שילער אויכ מיט דער געשיכטע פונ אנדערע פעלקער פונ פססר, וואָס עס איז אינ אנדערע קורסנ פונ געשיכטע ביז איצט ניט געווענ. בא פּאָקראָווסקינ איז ניט נאָר אינ דער „קורצער אופאסונג" נאָר אויכ אינעמ גרויסנ קורס „רוסישע געשיכטע פונ די אורעלטסטע צײַטנ" ניטאָ קיינ איינ קאפיטל, וואָס זאָל איבערגעבנ די געשיכטע פונ באזונדערע פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד, אלס סוביעקטנ פונ דער געשיכטע. אינעמ נײַעמ „קורצנ קורס פונ דער געשיכטע פונ פססר" ווערט דערציילט סײַ וועגנ די אורעלטסטע מלוכעס פונ טראנסקאווקאז אונ מיטל־אזיע, סײַ וועגנ די מארשנ פונ טשינגיסכאנ, סײַ וועגנ טאמערלאנס מלוכע מיטנ צענטער אינ מיטל־אזיע, סײַ וועגנ דער געשיכטע פונ אוקראַינע אונ ווײַסרוסלאנד, אָנהייבנדיק פונ די אורעלטסטע סלאוונ, די שטאמ־עלטסטע פונ רוסישנ, אוקראַינישנ אונ ווײַסרוסישנ פעלקער אונ ענדיקנדיק מיט זייער געשיכטע אינ סאָוועטישנ פעריאָד. ניט געקוקט אפ דעמ, וואָס אינעמ באווײַזנ די געשיכטע פונ באזונדערע פעלקער פונ סאָוועטנפארבאנד אונטערשיידט זיכ דער נײַער לערנבוכ באדײַטנדיק ניט נאָר פונ די בורזשואזע לערנביכער, נאָר אויכ פונ פּאָקראָווסקיס לערנביכער, זײַנענ אויכ אינ אימ, פונדעסטוועגנ, פאראנ א ריי בלויזנ טאקע אינ דער דאָזיקער פראגע, וואָס אפ דעמ איז אָנגעוויזנ געוואָרנ אינ דער באשטימונג פונ זשורי פונ קאָנקורס פארנ 22־טנ אווגוסט 1937 י. בעסער איבערגעבנ די געשיכטע פונ די פעלקער פונ פססר האָבנ געשטערט צוויי אומשטענדנ: ערשטנס, די ניט גענוגנדיקע דערלערנטקײַט פונ דער געשיכטע פונ די דאָזיקע פעלקער, די אָפּוועזנהײַט פונ מארקסיסטישע ארבעטנ איבער דער געשיכטע פונ די פעלקער פונ מיטל־אזיע, טראנסקאווקאז, סיביר, ווײַסרוסלאנד א. אנד., צווייטנס, די ניט גענוגנדיקע מעטאָדישע אײַנפלעכטונג פונ דער געשיכטע פונ באזונדערע פעלקער פונ פססר מיט דער געשיכטע פונ רוסישנ פאָלק.

אינעמ נײַעמ לערנבוכ זײַנענ באדײַטנדיק קלערער, ווי אינ פּאָקראָווסקיס לערנביכער, באוויזנ געוואָרנ די געזעלשאפטלעכ־עקאָנאָמישע פאָרמאציעס אינ דער געשיכטע פונ פססר, דערבײַ איז עס געגעבנ געוואָרנ ניט ווי א סכעמע, נאָר אינ די געהעריקע ערטער איז עס אָנגעטאָנ געוואָרנ אינ היסטאָרישנ בלוט אונ פלייש. די שקלאפנ־באזיצערישע פאָרמאציע איז באוויזנ געוואָרנ אפנ בײַשפּיל פונ די אלטגריכישע שטעט אפנ ברעג פונ שווארצנ יאמ. גענוי ווערט געגעבנ די אנטוויקלונג פונ די פעאָדאלע באציִונגענ, אָנהייבנדיק פונ די עמבריאָנעלע פאָרמענ פונעמ „וואסאלי־

טעט אָנ לענענ" אינ דער קיִעווער מעלוכע פונ X—IX יאָרהונדערטער אונ ענדיקנ־
דיק מיט דער פולשטענדיקער צעפאלונג פונעם פעאָדאליזמ אינמיטנ XIX יאָרהונ־
דערט. ווײַטער ווערט אינעם לערנבוכ באוויזנ די קאפיטאליסטישע פאָרמאציע אינ
אירע גרונט־סטאדיעס פונעמ אינדוסטריִעלנ אונ פינאנצ־קאפיטאליזמ. די סאָציִאליס־
טישע פאָרמאציע איז באוויזנ געוואָרנ אינעמ אָפטײל פונ דער געשיכטע פונ סאָ־
וועטישנ פעריִאָד. אפ די בילדער פונ דער געשיכטע פונ דער סאָציִאליסטישער בוי־
ונג דארפנ די קינדער אונטער דער אָנפירונג פונעמ לערער אליינ מאכנ אנ אויס־
פיר וועגנ די נײַע געזעלשאפטלעכע באציִונגענ, וואָס אונטערשיידנ זיכ אינגאנצנ
פונ יענע, וועלכע זײַנענ געווענ פריִער, אינ דער קלאסנ־געזעלשאפט.

פונ באזונדערע פראָבלעמענ, וועלכע זײַנענ געלייזט געוואָרנ אינעמ נײַעמ לערנ־
בוכ, קענ מענ זיכ אָפשטעלנ אפ פאָלגנדיקע.

ניט טייקעפ איז געפונענ געוואָרנ די דײַטלעכע פאָרמולירונג וועגנ דער פראָ־
גרעסיווער ראָליע פונעמ קריסטנטומ פונ קיִעווסקאיא רוס. פונ די דערקלערונגענ,
וואָס זײַנענ געגעבנ געוואָרנ אינ צוזאמענהאנג מיט דער באשטימונג וועגנ דעמיאנ
בעדניס פאָעמע „באָגאטירי", איז אונדז געוואָרנ קלאָר, אז אינ דער פראגע איז
נייטיק נאָכ מערער פארפינקטלעכנ די פאָזיטיווע ראָליע פונעמ קריסטנטומ, סײַ אפנ
געביט פונ צונויפזאמלענ די סלאווישע שטאָטימ אינ אנ איינהײַטלעכנ מעלוכישנ
גאנצנ, אזוי אויכ אינעמ אריבערטראָגנ די גריכישע קולטור אינ קיִעווסקאיא רוס.

די אנטוויקלונג פונ דער רוסישער נאציִאָנאלער מעלוכע אונ דער אָנהייב פונ
דער זעלבסטהערשונג ווערט אינעם לערנבוכ טראקטירט אויכ ווי א פראָגרעסיווע
דערשײַנונג. די צענטראליזירטע מעלוכישע מאכט אינ דער צאָפנ־מיזרעכדיקער רוס,
האָט ענערגיש געקעמפט קעגנ דער פעאָדאלער צעברעקלטקײַט, פאריייניקנדיק די
אָפגעזונדערטע פעאָדאלע פירשטנטומס אינ אנ איינהײַטלעכנ מעלוכישנ גאנצנ. דער־
בײַ איז געשאפנ געוואָרנ א קראפט, וואָס האָט זיכ אנטקעגנגעשטעלט דעמ מאָנגאָ־
ליש־טאָטערישנ יאָכ. אינ גרונט פונ די דאָזיקע שטעלונגענ זײַנענ געלייגט געוואָרנ
די אָנווײַזונגענ פונ די קלאסיקער פונ מארקסיזמ. „די באמערקונגענ בענעגייע דעמ
קאָנספעקט פונ לערנבוכ אפ געשיכטע פונ פססר" פונ די כ' כ' סטאלינ, קיראָוו אונ
זשדאנאָוו אונ די דירעקטע אויסבעסערונגענ פונ דער רעגירונג־קאָמיסיע אינעמ
לערנבוכ. די ווײַטערדיקע פארברייטערונג פונ דער רוסישער נאציִאָנאלער מעלוכע
האָט זי געבראכט צו דער פארוואנדלונג אינ א פילנאציִאָנאלער מעלוכע, וואָס האָט
געפירט א קאמפ קעגנ די וואָלגער אונ קרימער טאָטערנ, קעגנ ליטע אונ פוילנ,
וועלכע האָבנ געשפארט פונ מײַרעוו. די דאָזיקע פראָבלעמ איז אויכ געלייזט גע־
וואָרנ אינעמ נײַעמ לערנבוכ אינ איינקלאנג מיט די אָנווײַזונגענ פונעמ כאווער
סטאלינ אינ זײַנע טעזיסנ צומ פאָרטראג אפנ X פארטיי־צוזאמענפאָר „וועגנ די
אָרדנטלעכע אופגאבעס פונ דער פארטיי אינ דער נאציִאָנאלער פראגע". די פראגע
וועגנ דעמ קאמפ קעגנ די אויסלענדישע אינטערווענטנ, אָנהייבנדיק פונ די שווע־
דישע אָנפאלנ אפ דער נאָווגאָראָדער ערד אונ פונ די אָנפליִענ פונ די דײַטשישע
הינט די ריטערס אפ איר, וואָס האָבנ זיכ פארענדיקט מיטנ צעגראָמירנ זיי אפ
דער אָזערע טשודסקאָיע, אונ ענדיקנדיק מיט דער שוועדיש־פוילישער אינטערווענצ
אינ אָנהייב XVII יאָרהונדערט, איז אינ לערנבוכ באלויכטנ געוואָרנ אנדערש, ווי

דאָס איז געווענ אפילע אינ דער זעלבער „קורצער אופאסונג“ פונ פּאָקראָווסקי. אזוי, צ. ב., האָט פּאָקראָווסקי געשילדערט דעמ אוואנטיוריסט, דעמ געשטעלטנ פונ די פּוילישע פּריצימ, פּסעוודאָ־דימיטרי דעמ 1־טנ, אלס א פּויערישנ קייסער, אלס פריינט פונ די ארבעטנדיקע מאסנ. דאָס איז אבסאָליוט ניט ריכטיק, דאָס איז א פארקריפּלונג פונ די היסטאָרישע פאקטנ.

אינעמ לערנבוך ווערט אונטערגעשטראָכנ, אז אלע אופשטאנדנ פונ די מאסנ אינעמ פעאָדאלנ פּעריאָד פונ דער געשיכטע, אָנהייבנדיק פונ דער קיִעווער מעלוכע אונ ענדיקנדיק מיטנ XIX יאָרהונדערט, זיינענ געווענ סטיכיישע אונ פארזשרייטע צו אומדערפאָלג, ווייל דעמאלט איז ניט געווענ קיינ פּראָלעטאריאט, וואָס וואָלט געפירט נאָכ זיכ צומ קאמפ די פּויערימ־מאסנ, עס איז ניט געווענ קיינ פארבאנד פונ ארבעטער־קלאס מיטנ פּויערטומ.

פּאָקראָווסקי האָט אָנגערופנ די באוועגונג פונ קאזאקנטומ אינ אוקראיִנע אינמיטנ XVII יאָרהונדערט—בורזשואזע רעוואָליוציע. דאָס איז אויכ ניט ריכטיק, ווייל אינ אוקראיִנע זיינענ דעמאלט געווענ טיפּישע פעאָדאלע געזעלשאפטלעכע באציִונגענ. ניט ריכטיק האָט פּאָקראָווסקי טראקטירט די פראגע אויכ וועגנ דער פאראייניקונג פונ אוקראיִנע צו רוסלאנד. אינעמ נייעמ לערנבוך ווערט געזאָגט, אז די פאראייניקונג פונ אוקראיִנע צו רוסלאנד איז געווענ אנ אויסוועג, די קלענסטע בייז פארנ אוקראיִנישנ פּויערטומ אונ קאזאקנטומ, עס איז פארנ אוקראיִנישנ פאָלק געווענ א באפרייונג פונ דער נאציִאָנאלער אונ רעליגיִעזער אונטערדריקונג מיצאד די פּוילישע פּריצימ.

פּאָקראָווסקי האָט געשילדערט פּיאָטר דעמ 1־טנ ווי א דעספּאָט, א שיקער א. א. וו., איבערכאזערנדיק אינ א געוויסער מאָס די סלאוויאנאָפילישע איינשטעלונגענ אינעמ אָפּשאצנ די טעטיקייט פונ פּיאָטר דעמ 1־טנ. אינדערעמעסנ איז פּיאָטר, ווי דאָס איז סאקע באוויזנ געוואָרנ אינ נייעמ לערנבוך, געווענ א בייז גאָר גרויסע פּאָליטישע פיגור, א רעפאָרמאטאָר, וועלכער האָט ארויסגעפירט רוסלאנד פונ דער עקאָנאָמישער, פּאָליטישער אונ קולטורעלער אָפּגעשטאנענקייט, פארפעסטיקנדיק די מעלוכע פונ די פּריצימ אונ פונעמ אופקומענדיקנ סאָכרישנ קלאס דורכ בארבארישע אונ הארבע מעטאָדנ פונ אונטערדריקנ די מאסנ.

א גאנצע ריי אנדערע פראגנ, וואָס זיינענ פארבונדנ מיט דער געשיכטע פונ די איבערבראָכ־מאָמענטנ אינ רוסלאנד,—די מילכאָמע פונ 1812 י., די דעקאבריסטנ, די רעפאָרמענ פונ די 60־ער יאָרנ פונ XIX יאָרהונדערט, דער פּאָלקיזמ, די אָפּשאצונג פונ דער ארבעטער־באוועגונג אינ די 70־ער—90־ער יאָרנ פונ XIX יאָרהונדערט, די ראָל פונ לענינענ, די דערציילונג וועגנ די געשעענישנ אינ מייַרעוו־אייראָפּע אינ XIX יאָרהונדערט—אָט דער גאנצער קאָמפּלעקס פראגנ איז אינעמ נייעמ לערנבוך בעגעבנ געוואָרנ אויכ גאָר אפ אנ אנדער אופנ, ווי אינ פּאָקראָווסקיס לערנביכער. וואָס איז שייַכ דער אנטוויקלונג נאָכ די רעפאָרמעס, באזונדערס פונ די בורזשואזע רעוואָליוציעס אינ רוסלאנד, האָבנ דאָ די צונויפשטעלער פונעמ נייעמ לערנבוך זיכ געהאלטנ בא די אָנווייזונגענ, וועלכע דער כאווער סטאלינ האָט געגעבנ די צונויפשטעלער פונעמ לערנבוך אפ פארטיי־געשיכטע אונ האָבנ באקומענ

א באזונדערס גרויסע אומיטלבאַרע הילף מיצאַד די מיטגלידער פון דער רעגירונג־קאָמיסיע.

אינעם „קורצן קורס פון דער געשיכטע פון פססר" זײַנען דיסקאָנטירט געוואָרן אַלע אָנווײַזונגען פון דער קאָמיסיע אויך וועגן די פראַגן פון דער רעוואָליוציע פון 1905 י. און פון דער צווייטער בורזשואַזער רעוואָליוציע און באַזונדערס וועגן דער געשיכטע פון דער אָקטיאַבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע. בײַקומענדיק דאָס פאַרקריפּלען די געשיכטע פון XX יאָרהונדערטס מיצאַד פּאָקראָווסקין און זײַן שולכל, האָבן די אווטאָרן פונעם נײַעם לערנבוך, אפן גרונט פון די אָנווײַזונגען פון דער רעגירונג־קאָמיסיע, באַלויכטן די וויכטיקסטע געשעענישן פון XX יאָר־הונדערט אין א באַדײַטנדיקער מאָס אַנדערש, ווי דאָס איז געווען אין די פריִער־דיקע לערנביכער אויך אפ פאַרטיי־געשיכטע.

ניט געקוקט אפ דעם אַלעמען, זײַנען אינעם לערנבוך פאַראַן נאָך ניט ווייניק אַזוינע פראַגן, וואָס פאָדערן א ווײַטערדיקע מיזאַמע וויסנשאַפטלעכע דערלערנונג און דאָס בײַקומען די פאַרקריפּלונגען פון דער געשיכטע, וועלכע עס האָבן דער־לאָזן פּאָקראָווסקי און זײַנע שילער. אפ דעם ווײַזט טאַקע אָן די „באַשטימונג פון דער זשורי פון דער רעגירונג־קאָמיסיע וועגן דעם קאָנקורס אפן בעסטן לערנבוך פאַר די 3־טע און 4־טע קלאַסן פון דער מיטלשול אפ געשיכטע פון פססר" פאַרן 22־טן אווגוסט 1937 י.

די שטורעם־סיטואַציע פון די רײַפוערנדיקע וועלט־געשעענישן צווינגט אונדז וועגדן אַלץ א גרעסערע אופמערקזאַמקײַט אפ געשיכטע, נאָך ענערגישער אַרבעטן אפ דעם גע־ביט, דערציִענדיק אפ די בײַשפּילן פון דער געשיכטע ניט נאָר די קינדער, נאָר אויך די דערוואַקסענע. דער לערנבוך גיט דידאַזיקע מעגלעכקײַט. מע דאַרף אים אויסנוצן אויך פאַר דער אַרבעט מיט די דערוואַקסענע אפ פּראָפּאַגאַנדירן דעם באָלשעוויזם, וואָס זײַן באַשטאַנד-טייל איז די געשיכטע.

די היסטאָרישע דערציִונג פון די אַרבעטנדיקע מאַסן איז א גרויסע פּאָליטישע אופגאַבע. די פראַגן פון געשיכטע זײַנען איצט אוועקגעשטעלט געוואָרן זייער שאַרף. מיט געשיכטע אינטערעסירן זיך אַלע, פון קליין ביז גרויס. דער דאָזיקער טיפסטער אינטערעס צו געשיכטע באַגײַסטערט אונדז, היסטאָריקער, צו דער ווײַטערדיקער אַרבעט איבערן דורכפירן די היסטאָרישע קענטענישן אין די מאַסן, איבערן שאַפן נײַע לערנביכער, צו וויסנשאַפטלעכער אַרבעט איבער באַזונדערע פראַגן פון געשיכטע.

דער „קורצער קורס פון דער געשיכטע פון פססר" האָט באַקומען א גרויסן פּאָליטישן רעזאָנאַנס. דאָס דערמונטערט און פאַרפּליכטעט די אווטאָרן פונעם „קורצן קורס פון דער געשיכטע פון פססר" נאָך ענערגישער זיך דערשלאָגן, אונטער דער אָנפירונג פון דער פאַרטיי און רעגירונג, צום לייזן די אופגאַבעס אפן געביט פון געשיכטע, קעדיי נאָך פעסטער שלאָגן אונדזערע סאָנים, קעדיי נאָך שנעלער פאַר־ענדיקן שאַפן די קאָמוניסטישע געזעלשאַפט.

---

# ביבליאָגראַפיע

## מ. וואָדאָפּיאַנאָוו—„פונ אקער צומ אעראָפּלאַנ"

(פארלאג צק אללקיומ „יונגע גוואַרדיע" 1937 י.)

מ. וואָדאָפּיאַנאָוו געהערט צו דער גרופּע בעסטע פּילאָטנ פונ אונדזער סאָוועטנ־פארבאַנד. וואָדאָפּיאַנאָוו האָט זיכ אויסגעצייכנט מיט א רײ דרײסטע איבערפליִענ פארוואָס ער האָט פארדינט דעמ הויכנ טיטל—העלד פונ סאָוועטנפארבאַנד.

„פונ אקער צומ אעראָפּלאַנ" איז א ביאָגראַפישער בוכ, ווי זײַנ בוכ „א דערציילונג וועגנ מײַנ לעבנ". אָבער דאָ איז ער מער ליטעראַריש־פארגאַנצטער, פארפולשטענדיקער. דער ערשטער עפּיזאָד פונעמ בוכ „פונ אקער צומ אעראָפּלאַנ" כאַפּט ארומ אנ אָפּשניט צײַט פונ זײַנ קינדהײַט, ביז ער דערגרייכט די הויכנ פונ א קוואַליפיצירטנ פּילאָט. דער דאָזיקער קאַפּיטל איז ניט קיינ געוויינלעכע לעבנ־באַשרײַבונג; וועגנ זיכ, דאָ ווערנ געגעבנ מיט גרויסער אומיטלבארקײַט טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיקעס וועגנ זײַנע עלטערנ אונ סוויווע.

וואָדאָפּיאַנאָוו ברענגט שוידערלעכע עפּיזאָדנ וואָס כאַראַקטעריזירנ די פארדאָרבענע פאַמיליע־באַציִונגענ אינעמ אלטנ דאָרפ; וועגנ זײַנ קאַרגנ זיידנ, וועגנ דעמ טאַטנ זײַנעמ, דעמ שיקער, וועגנ געצוווּנגענע כאַסענעס א. ד. ג. אָט די אלע עפּיזאָדנ טראָגנ אונדז אריבער אינ אנ אטמאָספער פונ פארדאָרבנקײַט אונ אָפּגעשטאַנענקײַט, שיקרעס אונ אבערגלויבנ, וואָס האָט געהערשט אינעמ אלטנ דאָרפ.

דער אוטאָר דערציילט אזא דעטאַל. איג דאָרפ איז געווענ א מאָדע פאָרנ צומ גאַלעכ ער זאָל „אָפּזונדערנ" פונעמ ביטערנ טראָפּנ. אָבער קוימ האָט דער שיקער אָנגענומענ אזא באַשלוס האָט ער זיכ געלאָזנ פרײַ אונ געשיקערט ביזנ פארלירנ דעמ באַוווּסטזײַנ. אָט וויִאזוי דער אוטאָר שילדערט דעמ מאָמענט פונ „אָפּזונדערנ":

„... בײדע גוטע פרײַנט (דער טאַטע אונ זײַנ כאַווער) האָבנ מיט מאַטערניש אָפּ די קני אריבערגעפּויזעט נעענטער צו דער איקאָנע. זייערע קעפּ, וואָס זײַנענ שווער געוואָרנ פונ שיקערנ צוויי וואָכנ דורכאַנאַנד, זײַנענ אָנמעכטיק געפאלנ אָפ דער ברוסט. ניט לײגנדיק אָפ דעמ קיינ אכט האָט דער גאַלעכ געזאָגט איבער זיי זײַנע טפילעס מיט א הילצערנער שטימ" (זײַט 9).

די לעצטע צוויי קאַפּיטלענ „מאָסקווע—קאַפּ שמידט" אונ „מאָסקווע—ערד פונ פראַנצ־יאָסיפ" זײַנענ זייער פארכאַפּנדיקע. דאָ איז דער סיוזשעט זייער אנ אינטערעסירנדיקער. מע דארפ ניט קיינ בעסערנ סוזשעט ווי דער אוטאָר אליינ, וואָס פארמאָגט א דורכגעמאַכטנ—פאַנטאַסטיש־רײַכנ פלי־וועג אונ דערצו אנ אומגעוויינלעכע

לעבנס־ענערגיע פונ פאָרשנ, פונ וועלנ וויסנ יעדער ווינקעלע פונ אונדזער ראכוועסדיקנ סאָוועטנפארבאנד. דאָ טרעפנ מיר וואָדאָפיאנאָוונ אינ זײַנ פולנ ברענ פונ ארבעט. וואָדאָפיאנאָוו איז א פיאָנער פונ נײַע לופט־רייסנ אפ סאכאלינ, אפ קאמטשאטקע, אינדערטיפ פונ דער ארקטיק. אָט טרעפנ מיר אימ אינ אנ עקספעדיציע אינ קאמפּ קעגנ די היישעריקנ אונ אָט איז ער שוינ א „שלאָגלער" פונ „פראוודא" פאר אריבערפירנ די מאטריצנ פונ „פראוודא" קײַנ לענינגראד אונ אנדערע שטעט. וואָדאָפיאנאָוו פליט אינ פארשיידענע וועטערנ אונ פארשיידענע צײַטנ פונ יאָר; איבער יאמענ, בערג, איבער געדיכטע נעפלענ אונ אײַז־קריַעס. וויפל מאָל האָט ער זיכ שוינ געטראָפנ מיטנ טויט, וויפל מאָל האָט ער זיכ געפונענ אינ א לאגע פונ א ראָבינזאָנ; אָט־אָט דוכט זיכ וועלנ אימ די אײַז־קריַעס אײַנברעכנ, באקעמפנ. די זיכערקייט, אז ער איז ניט פארוואָרלאָזט, די געוואגטקײַט, די דערפינדערישקײַט ראטעוועט אימ ארויס פונ די נעגל פונ טויט. וואָדאָפיאנאָוו הייסט פונעמ באָלשעוויסטישנ לאָזונג: „ס'איז ניטאָ אזא אויסגאנגלאָזע לאגע פונ וועלכער די באָלשעוויקעס זאָלנ ניט געפינענ קיינ אויסוועג" (ז. 181)

די דאָזיקע קאפיטלענ זײַנענ ניט קיינ טרוקענע כראָנאָלאָגישע פארנאָטירונגענ, דאָס זײַנענ זאפטיקע קינסטלערישע פארצייכענונגענ, וואָס כאפנ ארומ א ברייטנ קרײַז אינטערעסנ. ער ברענגט ניט ווייניק עפיזאָדנ, וועגנ די ווינטערער, וועגנ זײַנע טײַערע מיטכאווײרים פאריכ, לינדעל, באסיינ; וועגנ באגעגענישנ מיט די קאָריאקנ, וועגנ זײַנע ארויסטרעטונגענ; אימ פרייט דאָס הארצ, וואָס אפנ צאָפנ שטײַגט אלצ מער די קולטור, א. ד. ג. דאָס אלצ איז אָנגעשריבנ מיט א פאָשעטער, לעבעדיקער שפראכ, וועלכע איז ערטערווײַז דורכגעזאפט מיט הומאָר. וואָדאָפיאנאָוו קארגט ניט קיינ דעטאלנ, באזונדערס ווענ ער באשרײַבט זײַנע געוואגטע איבערפליִענ (ווי דער עפיזאָד אפנ אינדזל גרעמ־בעל).

דער סאָוועטישער פאטריאָט, וואָס איז אזוי געטרײַ אונ איבערגעגעבנ זײַנ סאָוועטיש לאנד, באשרײַבט מיטנ זעלבנ געפיל וועגנ זײַנע איבערלעבונגענ ביים די איבערפליִענ. די אינטערעסאנטע פאסירונגענ, וואָס ווערנ געבראכט אינ בוכ, זײַנענ אנ אונ פאר זיכ הויכע קונסט, וואָס וועקט די פאנטאזיע באמ מענטשנ, וואָס סטימולירט אינ קאמפּ קעגנ שוועריקײַטנ, וואָס רופט צו העראָיִק.

די סאָוועטישע ווירקלעכקײַט האָט געשאפנ די בעסטע באדינגונגענ פאר העראָיִק, האָט געשאפנ מענטשנ מיט פעסטע כאראקטערנ, וואָס זעענ פאר זיכ קלאָר דעמ ציל, אלס אזא מוסטער קענ דינענ אויכ וואָדאָפיאנאָוו.

דאָס בוכ האָט א גרויסנ אינטערעס פארנ לייענער. מע דארפ עס ארויסגעבנ אויכ אינ יִידיש.

# כראָניק

## אינ מעלוכע-פארלאג פונ ווײַסרוסלאנד

דער ייִדסעקטאָר פונ ווײַסרוסישנ מעלוכע־פארלאג האָט אָנגעמערקט א ברייטע פראָגראם פונ ארויסגעבנ אינ ייִדיש אָריגינעלע אונ ניט אָריגינעלע ליטעראטור.

פונ דער אָריגינעלער ליטעראטור וועלנ זײַנ פאָרגעשטעלט קימאט אלע שרײַבער פונ ווײַסרוסלאנד מיט נײַע ווערק, אזוי אויכ אייניקע ייִדישע שרײַבער פונ אוקראיִנע אונ מאָסקווע. ס'איז אָנגעמערקט ארויסצולאָזנ א זאמלבוכ מיט פאר־צייכענונגענ געווידמעט די וואלנ אינ העככטנ ראט פונ פארבאנד ססר; א בוכ פונ סאָוועטישנ ייִדישנ פאָלקלאָר; א זאמלבוכ מאטעריאלנ פאר קינסטלערישע פאָרלעזונגענ אונ א זאמלבוכ פאר דראמאטישע קרײַזנ.

דער פארלאג האָט אויכ אָנגעמערקט ארויסצוגעבנ א סעריע קינדער־ביכלעכ אונטערנ נאָמענ „באם שײַטער". אינ דער סעריע וועט זײַנ געדרוקט א ריי ביאָ־גראפיעס פונ אונדזערע העלדנ אונ כאָשעווסטע מענטשנ פונ לאנד.

דער פארלאג זעט פאָר ארויסגעבנ א ריי איבערזעצונגענ פונ די רוסישע קלאַ־סיקער: סאלטיקאָוו־שטשעדרינ, גאָגאָל, לערמאָנטאָוו, טשעכאָוו; פונ גאָרקיס ווערק — „קינדהײַט" אונ מאיאקאָווסקיס א באנד לידער.

עס וועט אויכ איבערגעזעצט ווערנ ל. פויכטוואנגערס ראָמאנ „דערפאָלג", די ווערק פונ קאטאיעוו, אילפ אונ פעטראָוו אונ קופער.

## פאָלקלאָר-זאמלביכער

די מעלוכע־פארלאגנ פונ ווײַסרוסלאנד, גרוזיע אונ אוקראיִנע האָבנ איינצײַטיק צוגעגרייט צום דרוק זאמלביכער פונ פאָלקלאָר.

דער ווײַסרוסישער מעלוכע־פארלאג האָט ארויסגעלאָזנ צוויי זאמלביכער „לענינ אונ סטאלינ אינ דער ווײַסרוסישער פאָלקשאפונג" אונ „סטאלינ אינ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער פאָעזיע". אינגיכנ דערשײַנט דער זאמלבוכ „דאָס פאָלק פונ אוקראיִנע וועגנ לענינענ אונ סטאלינענ" אונ א זאמלבוכ פונ גרוזינישנ פאָלקלאָר וועגנ לענינענ אונ סטאלינענ. אינ אלע אויסגאבעס זײַנענ צונויפגעקליבנ אסאכ לידער, לעגענדעס אונ דערציילונגענ וועגנ די גרויסע פירער פונ פראָלעטאריאט.

## אנטאָלאָגיע פונ דער סאָוועטישער פאָעזיע

דער מאָסקווער ליטעראַרישער פארלאג גיט ארויס אנ אנטאָלאָגיע פונ דער סאָ־וועטישער פאָעזיע פונ פססר. אינ דער אנטאָלאָגיע זײַנענ פאָרגעשטעלט די פאָעטנ פונ אלע פעלקער פונ פססר.

## אנטאָלאָגיע פונ אנטישער ליטעראטור

דער גרויסער שרײַבער א. מ. גאָרקי האָט מיט א קורצער צײַט פאר זײַנ טויט אָנגעמערקט א גרויסנ פלאנ פונ ארויסגעבנ א רײ ביכער איבער דער געשיכטע פונ דער רוסישער אונ וועלט-ליטעראטור. אינגיכנ וועט דערשײַנענ אנ אנטאָלאָגיע „אנטישע ליטעראטור", וועלכע וועט באקאָנענ דעם סאָוועטישנ לייענער מיט די גרונט-פאקטנ פונ דער אנטוויקלונג פונ דער ליטעראטור פונ אלט-גריכנלאנד אונ רוים.

דער ערשטער באנד פונ דער אנטאָלאָגיע איז געווידמעט דער ליטעראטור פונ גריכנלאנד. אינעם צווייטנ זאמלבוכ זײַנענ צונויפגעזאמלט די בעסטע ווערק פונ די רוימישע שרײַבער.

## א. נ. ראדישטשעוו

אינ סענטיאבער כוידעש האָט די ליטעראַרישע געזעלשאפטלעכקײַט אָפגעמערקט די ליטעראַרישע דאטע 135 יאָר זינט ס'איז געשטאָרבנ דער רוסישער רעוואָלוציאָנערער שרײַבער א. נ. ראדישטשעוו.

דער פארלאג פונ דער וויסנשאפט-אקאדעמיע פונ פססר איז צוגעטראָטנ ארויסצולאָזנ א פולע אקאדעמישע אויסגאבע פונ זײַנע ווערק אינ דרײַ בענדער אונטער דער רעדאקציע פונ א. ק. לופאָל.

אינעם ערשטנ באנד וועלנ ארײַנגיינ זײַנע קינסטלערישע ווערק: „א טאָגבוכ פונ איינער א וואָכ", „א בריוו צום פרײַנט, וואָס וווינט אינ טאָבאָלסק...", זײַנ בארימטער ראָמאנ „די רײַזע פונ פעטערבורג קיינ מאָסקווע", די אָדע „פרײַהײַט" („ВОЛЬНОСТЬ") פּאָעמעס אונ לידער. אינ צווייטנ באנד וועלנ ארײַנגיינ די פילאָסאָפישע, עקאָנאָמישע אונ קריטישע ארבעטנ פונ ראדישטשעוו. אינ דריטנ באנד—ראדישטשעווס טאָג-ביכער אונ בריוו, אונ אויכ פארשיידענע געריכטלעכע מאטעריאלנ וועגנ דעם שרײַבער.

## מאטעריאלנ וועגנ מאיאקאָווסקענ

אינ קוטאיסער ארכיוו זײַנענ צונויפגעזאמלט מאטעריאלנ וועגנ וולאדימיר מאיאקאָווסקי.

וולאדימיר מאיאקאָווסקי האָט זיכ געלערנט אינ דער אָרטיקער (קוטאיסער) גימנאזיע. אינעמ ארכיוו האָט מענ געפונענ די זשורנאלנ פונעמ פעדאגאָגישנ ראט פונ גימנאזיע, וועלכע פארפינקטלעכנ אייניקע דאטעס אונ פאקטנ פונ מאיאקאָווסקעס לעבנ.

אינ באגדאטי האָט מענ ניט לאנג געפונענ דאָס קירכלעכע בוכ מיט די מעטרישע פארנאָטירונגענ פארנ 1893 יאָר, אינ וועלכנ ס'איז אָנגעוויזנ געוואָרנ, אז וולאדימיר מאיאקאָווסקי איז געבוירנ דעמ 7-טנ יול 1893 יאָר. דער דאָזיקער דאָקומענט פארפינקטלעכט די דאטע פונ זײַנ געבוירנ. מאיאקאָווסקי אליינ, האָט וועגנ זײַנ קינדהײַט געשריבנ, אז ער איז געבוירנ דעמ 7-טנ יול 1894, אָדער 1893 יאָר.

# אינהאלט



רעדקאָלעגיע

דרוקערײַ א. נ. סטאַלין. באַשטעלונג 1451 גלאַװליטבעל 2820

## ЗМЕСТ

פרײַז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.